פערלאג „פראגרעסס" ווארשא

# ווי לעבען די חיות?

(בילדער פון טהיער לעבען)

פון

## נ. רובאקין.

2-טע אויפלאגע

ווארשא תרס"ב

דרוק א. גלינקא ווארשא געגשע 20 №

**РАЗКАЗЫ изъ ЦАРСТВА ЖИВОТНЫХЪ**

Соч. Н. А. Рубакина

Переводъ съ русскаго.

Издательство „ПРОГРЕССЪ", Варшава

ВАРШАВА 1902.

Въ Типографіи А. Глинка, Варшава, Гусья 20.

# בילדער פון טהיער לעבען.

## 1-טעס קאפיטעל.

## וואנדערונגען.

אזוי וויא מענשען פאהרען איבער פון איין ארט אין דעם אנדערן, וואנדערען פון איין לאנד אין דאס אנדערע, פון איין זייט וועלט אין דיא אנדערע; פונקט וויא מענשען מוזען גאנץ אפט פערלאזען דאס ארט, וואו זייא זיננען געבארען, אוועק רייסען זיך פון אליעם צו וועלכען זייא האבען זיך צוגעוואהנט און האבען ליעב בעקומען, און זוכען גליק אין דער פרעמד, אזוי מוזען גאנץ אפט טהון דיא טהיערע אויך. אין געוויססע צייטען ווארפען זייא אוועק מיט אמאל זייערע ערטער, זייערע וואהנונגען און עמיגרירען אין אנדערע, נייע ערטער און בעזעצען זיך דארט.

אין ניזשני טאגילסק אויפ'ן אוראל האט זיך צוריק מיט 25 יאהר געטראפען א וואונדערליכע זאך, א זוינס, וואס דיא דארטיגע איינוואהנער האבען פריהער נישט געזעהען און נישט געהערט. גאנצע מחנות איינהערנכען (וועווירקעס-ביעלקעס) האבען זיך ארויס געלאזען פון וואלד און געווארפען זיך אין שטאדט אריין. געוואנדערט האבען זייא איינציג-ווייס, אנדערע צו פארליך, און אנדערע אין שאארען (מחנות-ווייז). אין אקורצע צייט איז פול געווארען פון זייא דיא גאנצע שטאדט, און זייא זיינען זיך געשפרונגען אליך ווייטער און ווייטער: געלאפען איבער גאסען, געשפרונגען איבער שטאכעטען און פלאטין, פערקליבען אין דיא הייזער, זייא זיינען געווען פול אין אלע הייזער, געקראכען איבער וואנד, געשפרונגען איבער דאכער, און געגאנגען אליך ווייטער און ווייטער. מען האט דאס גאר נישט געקאנט פערשטעהען, פון וואנען האט זיך דאס גענומען אזא גבורה, אזא איינשטעללעניש צו דיא פייעליך, וואס זיינען פון אייביג אן בעקאנט אליך שוואכע און שרעקענדיגע חיה'ליך, וואס ציטערען פאר א מענש? וואו איז אהין געקוממען זייערע גאנצע שרעק, זייער פארכט?

דיא האבען זיך נישט געשראקען נישט פֿאר מענשען, נישט פֿאר הינד, אונ זיינען געגאנגען אלץ וויטער אונ וייטער. דיא שטאדט-הינד האבען נישט געשוויגען, אונ זיינען זייא בעפֿאללען, געביססען, געריססען אונ געפּטרט גאנצע הונדערטער פֿון פֿייען. מענשען האבען אויך נישט געדרימעלט אונ האבען געטייט (געמימיתט) מיט וואס מען האט נור געקאנט, נאטירליך, נישט אויס שנאה, וויא דיא הינד, נור צוליעב דיא פֿיינע פֿעלבֿעליך, וואס זיינען אַ סחורה אויף פעלצין. טייבֿען-וויז האט גערונען דאס ארימע פֿייען-בלוט, באֶרגער פגרים זיינען געלעגען אין דיא גאססען, אונ דיא מחנות האבען זיך געצויגען אלץ ווייטער אונ וויטער. אלץ נייע אונ נייע שאארען האבען זיך געשיטט פֿון וואלד ארויס אין שטאדט אריין, אונ געצויגען זיך פֿון שטאדט איבער אלע גאססען אַ פֿיי נאך אַ פֿיי, איין שאאר נאך דער צווייטער. אונ אזוי פֿון פֿריה ביז שפעט אין דער נאכֿט, גלייך, זייא האבען איין מאל פֿאר אלע מאל מפֿקיר געווען דאס לעבען אונ מעהר זיך פֿאר קיין זאך נישט געשראקען, מיט איין ווארט, דיא פֿייעליך ציהען זיך איבער פֿון וואלד, עמיגרירען ערגעץ איבער דער שטאדט. עס דויערט שוין דרייא טאג. יעדען אבענד ווערט שטיל, נור פֿריה מארגענס קוים עס הויבט נור אָן צו טאגען ציהען זיך ווייטער דיא מחנות איבער דער שטאדט. דיא מחנות, וואס זיינען לעבענדיג פון שטאדט ארויס, האבען געוואנדערט אלץ ווייטער אונ ווייטער ביז זייא זיינען געקומען צום טייך משאָסאָוואַיאַ, בייא וועלכֿען זייא האבען זיך דאך ניט פֿערהאלטען, דער ברייטער טייך מיט זיין לייפֿענדיגען וואססער האט זייא אויך ניט אפגעשטעלט. וויא שכור אדער דולל זיינען זייא געשפרונגען אין טייך אריין, פֿארווארפֿען דיא ווידעליך אויף דיא ריקען אונ מיט אלע כחות זיך געלאזט איבערשווימען דען טייך צום אנדערען ברעג. עס איז געווען אַ וואונדער צו זעהען, וויא אזוי דיא קליינע פֿייעליך האבען מיט שוואכֿע קראֶפֿטען איבער געווינדען (גובר-געווען) דיא גרויסע וואללען (פאליעס-חוואליעס) פֿון לויפֿענדיגען וואססער. אַ רייזענדער האט זיך דעמאלט צו געלאזט אויף אַ שיפֿפֿעל צו אַ דאמפּשיף, אונ איז מיט'ן שיפֿפֿעל אריין געפֿאהרען אין דער סאמע מיטט פֿון אַ ארמעע פֿייען, אזוי אז ארום איהם זיינען פֿון אלע זייטען געשוואומען דיא איינהארנכֿען, ענג איינס ביי'ם צווייטען; ער האט געזעהן וויא מאססען פֿון זייא בלייבען אהן קראֶפֿטין; אט שטעקט ארויס אַ פֿיי דאס קאֶפּעלע, ארבעט מיט דיא לעצטע כחות, דרייט נעביך מיט דיא פֿיססעליך, וויל שווימען ווייטער, נור זיא איז שוין פֿערמאטטערט אונ קאָן זיך מעהר נישט ריהרען פֿון ארט, אונ דא בעקומט עס אַ זעץ פֿון אַ וואלל, ווערט פֿער-גאססען, ווערט פֿערשווינדען, אונ וויזט זיך נישט מעהר. צו אַן'ארמעע אבגעשוואכֿטע פֿייען האט ער אויסגעשטרעקט דען רודער (וויאסלאָ). זייא

האבען

האבען זיך דערפֿרייט, צוגעהאפּט צום רודער און אריבער אין שיפֿפֿעל אריין. דיא גערעטיוועטע ארמעע פֿייען האבען זיך פֿערשלאגען אין שיפֿפֿעל צו אַ דאמפּשיף, האבען זייא זיך מיט איהם צוזאמען איבערגעטראגען אין דאמפּשיף אריין, און אז דער דאמפּשיף האט נור צוגעשלאגען צום ברעג, זיינען זייא באלד אראבגעשפּרונגען אויף דער טריקקען און געלאזט זיך וויטער. מאססען פֿייען האט מען דעמאלט געטייט, מאססען זיינען דער טרונקען געווארען, נור נאך גרעססערע מאססען זיינען אריבערגעגאנגען בשלום דיא שטארט, איבערגעשווימען דען טייך און זיך ווייטער און ווייטער געוואנדערט. נור דיא שאארען פֿייען, וואס מען האט געזעהן אין ניזשני-טאגילסק, זיינען קוים אַ קליינער טייל פֿון דער גאנץ גרויססע ארמעע פֿייען, וואס האבען דעמאלט געוואנדערט. דענן עמיגרירט האבען גאנצע מיללייאנען, און געדויערט האט עס אַ היבשע צייט.

דאס האבען דיא פֿייען אזוי געוואנדערט-עמיגרירט פֿון איין געגענד וואַלדער צו דער צווייטער, און געמאכט אַ שטרעקקע (מהלך) פֿון עטליכע 100 וויאָרסט.

אזוי וויא דיא פֿייען, אזוי וואנדערען אין געוויססען צייטען אויך אנדערע מהיערע, פֿייגעל און פֿיש פֿון פֿערשידענע מינים.

אין נארד (צפֿון) רוססלאנד, אין ארחאנגעלסק, אין דיא וויסטע, פֿייכטע און בלאטיגע סטעפּעס, לעבען פיצליך חיה'ליך, וואס מען רופֿט לעממינגען (פּיאָסטרושקאַ). דער לעממינג האט זעהר אַ שיין פֿערשידען-פֿארביג פֿעלכיל אויף זיך. ער איז בטבע רוהיג, האט נישט פֿיינד צו חאפּען אגוטען ביססען, אנאש טיען, און איז גרויס נישט מעהר וויא אַ ציזעלמויז (ציזעל-סוסליק). דיא לעממינגען פֿרוכטבארען און מעהרען זיך שטארק. עטליכע מאל אין יאהר געבוירען זייא, און יעדעס מאל צו 56 שטיקליך. דארט אין יענע סטעפּעס פֿון ארחאנגעלסקער גיבערניע זיינען זייא דא זעהר אסך. אין דיא יאהרען ווען עס איז דארטען אַ ווארימער פֿריהלינג (וויאָסנא) און אַ שיינער זוממער קוממען זייא צו גאר אהן אַ צאהל. זייא האבען גענוג צו עססען, אלע זענען זאטט, וואקסען אויף איבערן זוממער און ווערען געזינדער און שטארקער. נור נאכען זוממער קוממען שלעכטע צייטען, טאג-טאָגליך ווערט פֿאר זייא וועניגער צו עססען אויף דיא פֿעלדער. דער נאך, קוממט דער ווינטער: אלע גראָזליך, אלע ביימליך בלייבען פֿערדארט און פֿערפֿרוירען, און דער לעממינג הייבט אן צו ליידען הונגער. זייא שליפען ארום, וויא משוגענע איבער דיא סטעפּעס, טאמער וועלען זייא געפֿיננען עפּעס אין מויל אריין, נור קיין עססען איז אין ערגעץ נישט דא, האטש געה אוים פֿאר הונגער. עס פֿאלט דעמאלשט אָן אויף זייא אַ אֵימה. דערשראָקקענע פֿערהאלעסטע פֿערזאמלען זייא זיך אין אסך גרויסע חברה'ס, און לאזען זיך וואנדערען:

וואנדערען, צוגעפֿיננען בעססערע אָרטער. זייא געהען גלייך אלס וויטער את ווייטער, וואוהין דיא אויגען טראגען זייא. אויפֿ'ן וועג קוממען צו נאך אזוינע הברות הונגעריגע לעממינגען, אונ עס ווערט אַ גאנצע ארמעע פֿון זייא. הונגעריגע, דערפֿרוירענע לוללען זייא זיך איינער צום צוויטען. געהען בעדיכֿט אונ זעהער נאהענט איינס בייא דיא צוויטע אזוי, אז פֿון ווייטענס זעהען אויס דיא קאָפּליך פֿון דיא הינטערשטע לעמינגע צונויפֿגעוואקסען מיט דיא ווירדליך פֿון דיא פֿעדערשטע. מיט זייערע דיננע פֿיססליך טרעטען זייא אויס אין דעם מאך אזוינע טיפֿע וועגען. אז כען זעהט זייא ארויס פֿון גאנץ וויט.

וואס ווייטער זייא געהען — געהען זייא אלץ געשווינדער, טאמער מאכֿט זיך זייא אויפֿ'ן וועג אַ בייטיל, אַ צווייגעל, אַ שטרייכֿער (קוסט), בעפֿאללען זייא דאס וויא דיא היישעריקען. פֿון איינינע אָרטער ווערט אַ וויסטענעס (אַ מדבר) נאך דעם אז זייא געהען דארט דורך. וואס זייא קאָננען נור אויפֿפֿרעססען — פֿרעססען זייא, אונ דאס עססען נור דיא וואס געהען פֿון פֿארענט, פֿאר דיא הינטערשטע בלייבט קיינמאל גאר נישט. אט אזוי געהען זייא אין הונגער אלס ווייטער — ווייטער, דער הונגער מאטערט זייא מעהר אונ מעהר, איבערדעם שלעפען זייא נאך געשווינדער, וויא דיא משוגענע, אונ האבען פֿאר קיין זאך קיין מורא נישט. טאמער בעגעגענען זייא אַ מענשען, קריכֿען זייא איהם דורך צווישען דיא פֿיסס, זייא שטעללען זיך אקעגען דיא שטארקסטע פֿייגעל, וואס פֿליהען אן אויף זייא, אונ וויללען זייא פֿרעססען. טרעפֿפֿען זייא אויף אַ סטאג היי, גריזען זייא איהם דורך אונ דורך, עססען זיך אן אונ געהען ווייטער. קיין זאך שטערט זייא נישט אונ פֿארהאלט זייא נישט אויפֿ'ן וועג. דיא גרעססטע טייכֿער שווימען זייא איבער, האטש זייא פֿערלירען מאססען נפשות אין וואססער. אונ נאך זייא לאזען זיך ערשט גאנצע ארמעען פֿון זייערע שונאים, וואָלף, פֿוקסען, הינד, מאָרדער, אדלערס, ווייססע סאוועס, שווארצע קראהען (וואראנא), דיא אלע לייט, קוים דערשמעקקען זייא, אז עס גייט אַ מתנה לעממינגען, געהען זייא ארויס פֿון זייערע נארעס אונ נעמען זיך געשמאק צו דער ארבייט. טויזענדער פֿון זייא ווערען אויפֿגעפֿרעססען, חוץ דעם, פֿאללען אסך אויפֿ'ן וועג פֿון הונגער אונ פֿון פֿערשידענע קראַנק. לאנג געדויערט דאס איבערגעהען פֿון איין ארט צום צווייטען, אונ וויא עס ענדיגט זיך, ווייסט מען נישט, עס קאנן זיין אז אַ טייל פֿון דיא לעממינגע שלאגען זיך צו ערגעץ צום סוף צו אזאן ארט, וואו עס איז ווארעמער אונ עס איז דארט דא עססען פֿאר זייא, אונ עס קאָן אויך זיין, אז זייא פֿאללען אלע אויפֿ'ן וועג. דיא איינוואהנער פֿון צפֿון רוססלאנד דערציילען אז נאך דעם מאכֿט זיך, אז עס געהעט אוועק עטליכֿע יאהר אונ מען זעהט נישט קיין לעממינגען

לעממינגען (פיאסטרושקעס) . נור אין אַ צייט ארום ווייזען זייא זיך ווידער דארט. אט אזוי פאסירט זיך מיט זייא פֿון לאנגע יאהרען, צייט מענשען געדענקען.

אזוי וויא דיא לעממינגע (פיאסטרושקעס) אונ דיא פֿייען, ציעהען זיך איבער אין געוויססע צייטען נאך פֿיל אנדערע חיות. איהר פֿערשטעהט אז נישט פֿאר תענוג פֿערלאזען זייא זייערע אָרטער, אונ לאזען זיך אין דער וועלט אריין: עס טרייבט זייא דיא נויט! פונקט וויא אַ מענש פֿער-לאזט נישט קיין גוטס, נור צוליעב דעם, טאמער וועט ער געפֿינען בעססערס, אזוי זיינען דיא חיות אויך. זייא האבען שטענדיגע אונ אייביגע פֿיינד, מיט וועלכע זייא דארפֿען כסדר מלחמה האלטען, וויא מיט דיא הויפט שונאים, וואס זייא האבען אויף זיך, ד. ה. הונגער אונ קעלט. אללע לעבענדיגע בעשאַפֿפֿענישען, אללע חיות האלטען אין איין מלחמה מיט'ן הונגער, מיט דער קאָלט אונ מיט דיא גרעססערע אונ געזינדערע חיות פֿון זיך. יעדעס בעשאַפֿפֿעניש שלאגט זיך, ראנגעלט זיך מיט דיזע שונאים אויף וויפֿיל עס טראגען איהם זיינע כחות, נאך זיינע קראַפֿטען. עס מאַכט זיך אַ גרעססערער הונגער אין לאנד, וואו זייא זיינען, זייא האבען נישט וואס צו עססען, לאזען זייא זיך אין דער וועלט אריין זוכען פרנסה. זייא קאננען נישט ליידען דיא גרויסע קאָלטין, פֿערלאזען זיי אויך זייערע אלטע אָרטער אונ זוכען ווארמערע, עכ בעווייזען זיך שטארקערע אונ געזינדערע חיות אונ האפען זיך אריין אין זייער גבול אונ מאכען אתל פֿון זייערע ברידער, מוזען זייא אויך נעביך, פֿערלאזען דיא אלטע אָרטער, וואו עס לעבט זיך זייא נישט-קשה אונ לייפֿען זיך זוכען נייע אָרטער, וואו עס איז נישט דא אזוינע שרעקליכע שינאים.

---

## וויא אזוי חיות רייזען אלע יאהר.

עס איז דא אסך אזוינע חיות, וואס מוזען דורך הונגער אונ קאָלט רייזען, עמיגרירען יאהר בייא יאהר, פֿון איין ארט צום צווייטען, אנדערש קאננען זייא נישט אויסקוממען. זוממער מוזען זייא זיין אין איין ארט, אונ ווינטער מוזען זייא איבערגעהען אין איין אנדער ארט. זייא געהען איבער פֿון דארט, וואו ס'לעבט זיך זייא שלעכט אין אזוינע אָרטער וואו עס לעבט זיך בעססער. אין דיא זוממפֿיגע אָרטער וואו עס לעבען דיא לעממינגע געפֿינען זיך גרויסע שטאדעס ווילדע הירשען. וויא עס קומט דער זוממער, וואס דעמאלט בעווייזען זיך אין דיא זוממפֿיגע אָרטער מילליאנען פֿליגען, מיקקען (קאמאר) אונ זשוקליך, מוזען זיך דיא הירשען אוועק געהען פֿון דארט אונ זיך לאזען ווייט-וייט צו דיא באַרג וואו עס איז דא ווייניגער פֿליגען אונ מיקקען.

מיקקען. בלייבען אופ'ן ארט אין דיא זומפפיגע אָרטער קאננען זייא בשום אופ'ן נישט. דיא פליגען בעפאלען זייא פון אללע זייטען, בייססען זייא, רייססען זייא אונ לאזען זייא נישט לעבען. זייא נעממען זיך צונויף אין גרויסע שטאדעס אונ לאזען זיך געהען אין דעם ווייטען וועג. זייא האבען זייער אייגענע וועג-ווייזער: דיא אלטע הירשען פיהרען דיא יונגע. זייא פערהאלט אויך נישט קיין זאך אופ'ן וועג, נישט קיין באָרגער אונ נישט קיין טייכען. אט אזויא געהען זייא אַ שטאדע נאך אַ שטאדע, טרעטען אויס ברייטע אונ לאנגע וועגין, וואס ציהען זיך אויף הונדערטע וויארסט אונ געהען אלץ ווייטער אונ ווייטער ביז זייא קוממען צו צו אזא'ן ארט, וואו עס איז נישט דא קיין פליגען אונ דיא קאָלטין זיינען אויך נישט אזוי גרויס.

נאך דיא הירשין, פונקט וויא נאך דיא לעממינגען, געהען נאך גאנצע שטאדעס וואָלף אונ באָרין. זייא מוזען אויך פערלאזען דיא זומפיגע אָרטער, ווארום אז דיא הירשען געהען אוועק האבען זייא נישט וואס צו עססען. זייא קאָננען אין דיא זומפיגע אָרטער אויס-געהען פאר הונגער, מוזען זייא נאכ-געהען דיא הירשין אונ פון זייא אוועק-שלעפען בגנבה אללע מאל עטליכע שטיק כדי נישט צו פגרען פון הונגער. אז עס ווערט זוממער אין דיא אָרטער וואו דיא הירשין האבען זיך פערקליבען מוזען זייא פערלאזען דיזע אָרטער אונ געהען צוריק אין דיא זומפיגע אָרטער, נאר צוריק איילען זייא זיך נישט שטארק — זייא געהען אהיים.

אין דיא גרויסע שטעפעס פון אמעריקא, וואס זיינען בעוואקסען מיט אסך גראז לעבען שטאדעס ביפפעל (בויוואל), זייא געפינען זיך דארטען גאר אהן אַ צאהל; אללע יאהר קלייבען זייא זיך איבער פון איין ארט צום צווייטען — פון צפון זייט צו דרום זייט. אונ געהען איבער טויזענדער וויארסט, שווימען איבער טייכען צו עטליכע וויארסט אין דיא ברייט, אונ קיין זאך קאָנן זייא נישט פערהאלטען אופ'ן וועג.

דיא גרויסע חיות פון ים, דיא וואלל-פישין (קיט) געהען אויך איבער אללע יאהר פון איין ארט צום צווייטען, קיין היה איז צו זייא ניט גלייך אנטקעגען שוימען. זייא שווימען אב ביז צוויי טויזענר וויארסט. איין פישער, וואס האפט אט דיא גרויסע וואלפישען האט בעגעגענט בייא דיא אופער (ברעגען) פון ווארימע לאָנדער דעם אייגענעם וואלפיש וואס ער האט אין אייז מעער (ים הקרה) געשטאכען מיט אגרויסען שפיז, ער האט איהם אָן דער וואונד (ראנע) דערקענט. צווישען דיא צוויא אָרטער איז אַ מהלך פון עטליכע טויזענד וויארסט. דיא וואלפישען שווימען אזוי רעגולער, שטענדיג אין דיא אייגענע צייט, אונ דורך דיא אייגענע אָרטער, אזוי אז דיא פישער וואס חאפען זייא, ווייסען שוין פריהער וויא אונ ווען מען דארף אייף זייא לאקקערן. אויף טייל אָרטער ווייזען זייא זיך זוממער אונ אין

אנדערע

אנדערע — ווינטער. דיא איינוואהנער פֿון נארוועגיען ווייסען, אז דורך זייער געגענד דארפֿען דורך שווימּען דיא וואלפֿישען אין יאנוואר (אנהייב שבט) אין אנדערע אָרטער וויס מען, אז מען דארף זייא זעהען אין נאוועמבער (חנוכה צייט). אין נארד-ענגלאנד האט 20 יאהר כסדר זיך בעוויזען אַ וואלפֿיש נעבין אַ קליין דאָרפֿיל, וואו עס האבען געוואהנט פֿישער. אללע יאהר פֿלעגט ער זיך ווייזען אין איין צייט, אללע יאהר פֿלעגען זיך צונויף קלייבען אסך פֿישער אויפֿ'ן ים אונ פֿלעגען איהם וועל'ען חאפּען, נור אומזונסט, ערשט אויפֿ'ן 20-טען יאהר איז זייא געראָטען דעם וואלפֿיש צו טייטען.

דיא וואס פֿאהרען שטענדיג אויף ימים דערצאָהלען, אז זייא האבען בעמערקט דיא וואלפֿישען שווימּען שטענדיג דורך איינע אָרטער, שווימּען כסדר גלייך, מאכֿען נישט אפילו קיין איבעריגען וויארסט, וויססען גוט דעם וועג, מיט וועלכֿען זייא דארפֿען שווימּען, גלייך זייא וואלטען זייערע סימנים אדער אַ קאמפּאס געהאט. אמאל בעמערקט מען אז זייא שווימּען איינציג וייז, אונ אמאל שווימּען זייא גאנצע חברות-וויז. דעמאלט שווימּען דיא זכרים פֿריהער אונ דיא נקבות מיט דיא יונגע אונ קליינע וואלפֿישליך — הינטען.

איהר וועט פֿרעגען, וואס צווינגט דיא וואלפֿישען דערצו, אז זייא זאללען זיך לאזען שווימּען פֿאר טויזענדער וויארסט? דער תירוץ איז: דיא קליינע פיצינקע פֿישליך מיט וועלכֿע זייא ערנאָהרען זיך, קלייבען זיך אויך איבער פֿון איין ארט אויף דעם אנדערן, אונ דיא וואלפֿישען, וואס לעבען פֿון זייא מוזען זייא נאכֿשווימּען. זוממער איז דא אין איין ארט ניט עססען פֿאר זייא — שווימּען זייא אהין, ווינטער איז ווידער אין איין אנדער ארט דא וואס צו עססען — לאזען זייא זיך אויף דעם נייעם ארט, זייא האבען שוין זיך זייערע וועגען, זייערע אָרטער אונ זייערע כנהגים וויא אזוי צו שווימּען, אונ דיא אללע מנהגים זיינען בייא זייא איינגעפֿיהרט פֿון קדמונים אן, אפשר פֿון טויזענדער יאהרען.

## וויא אזוי דיא פייגעל לאזען זיך אין וועג אריין.

נאך שענער אונ ווינדערליכֿער איז דער שטייגער, וויא אזוי דיא פֿייגעל קלייבען זיך איבער פֿון איין ארט צום צווייטען. זעהר וועניג פֿייגעל איז פֿערהאנען, וואס לעבען אַ גאנץ יאהר אין איין ארט, מייסטענס פֿליהען זייא איבער פֿון איין עק וועלט אין דאס אנדערע. פֿון דיא פֿייגעל, וואס לעבען בייא אונז, פֿליהען צום ווינטער צו אוועק מעהר וויא דיא העלפֿט. יאהר-יאָהרליך מאכֿען זייא עטליכֿע טויזענדער וויארסט הין אונ צוריק,

אונ ווייסען וואהל ווענן זייא ווערלען זיך קאָננען פֿערהאַלטען אויף אַ געוויסע
צייט, אונ ערנאָהרען זיך נישט שלעכֿט. דיא שוואלבען פֿערברענגען דעם
זוממער בייא אונז אונ אויף ווינטער פֿליהען זייא אוועק נאך עגיפּטען (מצרים).
זייא פֿליהען זייער געשווינד, דיא רייזע קיין עגיפּטען דויערט בייא אונז
עטליכֿע וואכֿען, אונ זייא קומען אהין אין עטליכֿע טאָג. אויפֿ'ן ווינטער
פֿליהען אוועק נאך אנדערע פייגעל, וויא דיא לערכֿען (זשאוואראנאק), דיא
שווארצע הויז-שוואלבען, זייד-פֿייגעל, טשערעט-פֿייגעל אונ נאך אנדערע·
צאפלעס (טשארנאהוזען) פֿארפֿליהען נאך ווייטער. גיקוקען (קוקושקא),
גאלד-דראזדען, נאכֿטיגאללען (סאלאוויי), וואכֿטלען (פֿערעפֿיעללע), ביסליעס
אונ שטארכֿען (איסט) פֿליהען נאך ווייטער אלס דיא צאפלעס. אז דער
הערבסט (אסיען-יעשען) קאמט אן אונ דיא זונן ווארעמט שוין נישט וויא
זוממער, דערפֿיהלען דיא פֿייגעלעך אז עס איז שוין זייא צייט זיך צוא
לאזען אין וועג אריין. יעדער מין פֿייגעל פֿליהט אנדערש נאך איהר
שטייגער, נאך איהרע געוואהנהייטען, איהרע אייביגע מנהגים אונ איהר
בח. יעדער מין פֿייגעל האט זיך בעזונדער זיינע בעקאנטע וועגען, זיינע
ליעבע אָרטער, מיט וועלכֿע ער איז געוואהנט פֿון אייביג אן. אנדערע
פֿייגעל פֿליהען אין קליינע חברות, אונ אנדערע אין גאנץ גרויססע
חאלאסטרעס — סטאיעס-וויז. נאך דעם פֿליהען קאנן מען דיא פֿייגעל
פֿון ווייטענס דערקאנען. ווילדע גאָנז אונ ביסליעס פֿליהען שטענדיג אין
אלאנגע רייע (שורה), גאלקעס אונ פֿעלד-קראהן פֿליהען זייער הויך, אונ
גואס זייא פֿליהען ווייטער הייבען זייא זיך אלץ העכֿער אונ העכֿער. אין
זעהער גרויססע סטאיעס פֿליהען דיא טויבען אין אמעריקא. איינער
אַ ענגלאָנדער דערצאָהלט, אז איהם האט זיך אמאל געמאכט צו זעהען
אזוינע מינים סטאיעס, וועלכֿע זיינען געפֿלויגען אזוי הויך פֿון דער ערד,
אז מען וואלט אין זייא מיט דער בעסטער ביקס נישט געטראפֿען. זייא
זיינען געפֿלויגען מיללִיארדען-וויז, זעהר געדיכֿט, אונ אַ פֿאך אויף א פֿאך,
אזוי עטליכֿע פֿאכֿען איינער אויף דעם אנדערן. פֿון אללע זייטען פֿון
הימעל, וואו דער ענגלאָנדער האט נור געקאנט האפען מיטן אויג, זיינען
זייא געוועזען פֿול אונ פֿול. עס איז דעמאלט געווען האלבער טאג, דער
ענגלאָנדער האט זיך צוגעזעצט, פֿארריססען דעם קאָפּ אונ גענומען
בעטראכֿטען דיא טויבען, זייא זיינען אללע מאל מעהר אונ מעהר גע־
ווארען אונ האבען זיך געשיטט כמעט איבערן גאנצען הימעל. אין
אַ שעה ארום האט ער זיך געזעצט רייטענדיג אויף אַ פֿערד אונ איז
געפֿאהרען אנטקעגען דיא טויבען, ער איז אזוי געפֿאהרען גאנצע 4 שטונדע
אונ דיא סטאיע האט זיך אלץ נישט אויסגעלאזט אונ זיא האט איהם
אויסגעזעהן אזוי געדיכֿט וויא פֿריהער. ערשט נאך 5 אַ זייגער איז געווארען

אין

אין עקק פֿון דער סטאיע, נור אויך נאך נישט אין גאנצען, קלענערע סטאיעס, וואס דארט איז נאך אויך געווען גענוג טויבען, זיינען נאכֿ־געפֿלויגען נאך דיא גראָססערע סטאיעס, אזוינע בעזונדערע סטאיעס זיינען איהם אנטקעגען געפֿלויגען ביז אַ זייגער 10 אין דער נאכֿט, ערשט דעמאלט האט ער דערזעהן אַ ריינען הימעל פֿון טויבען! דיא גאנצע סטאיע טויבען האט פֿארנומען אין דער לאַנג איבער 400 וואָרסט און 10 וואָרסט אין דער ברייט. מען האט אויסגערעכֿענט אקוראט, קומט אויס, אז ווען אפילו אין דער סטאיע וואלט נישט געווען אַ פֿאך אויף אַ פֿאך טויבען, אז עס זאל נור זיין איין פֿאך, האט אויך דארט בע־דארפֿט זיין האָבֿער 3 מילליארד טויבען. דאס הייסט 3000 מיללייאָנען שטיק, ד. ה. אזוי פֿיל, אז אַ מענש וואס קענן אויס צאָהלען 3000 אין אַ שטונדע, וואלט געמוזט זייא איבער צוא צאָהלען לעבען 150 יאהר, און דער בייא אומגעגעססען, אומגעטרונקען און אומגעשלאָפֿען! אנדערע פֿייגעל האבען בעזונדערע געוואהנהייט אין זייער פֿליהען נאך וועלכע מען קאָנן זייא פֿון וויטענס דער קעננען. פֿעלד־מייז, למשל, פֿליהען אט וויא אזוי: זייא הייבען זיך אויף און נעממען פֿליהען אויפֿהייבענדיג זיך האָבֿער און האָבֿער. פֿלוצלונג אין מיטטען פֿליהען, ווען איהר דערזעהן אז איין פֿייגעלע פֿון זייא האט צונויף גענוממען דיא פֿליגעל און וויא איין אונטער־געשאססענע פֿאלט זיא אראב. איהר מיינט שוין, אז אט וועט זיא אראב־פֿאללען אויף דער ערד. נור וויא עס קומט איין ארשין 40 פֿון דער ערד צולאזט זיא וויטער דיא פֿליגעל, הייבט זיך צוריק אויף און פֿליהט ווייטער. אט אזוי טוען איבער אללע פֿייגעל פֿון דער סטאיע און דער נאך לאזען זייא זיך אללע וויטער פֿליהען שטארק אין דער הויך, זייא פֿליהען אט אזוי אב אביסעל און חזרן וויטער איבער דיא אייגענע שטיק.

עס איז דא פֿייגעל, וואס פֿליהען זעהר געשווינד, אנדערע פֿייגעל פֿליהען אזוי שנעלל, אז דער שנעללסטער באַהן וועט זייא נישט דעריאגען. דיא שוואלבען, למשל, פֿליהען 130 וויארסט אַ שטונדע, דיא וואססער שוואלבען (סטריזש) 400 וויארסט אין אַ שעה. דער פֿאלקען (סאקאל), דיא געוואָהנליכֿע טויב און דיא קאטשקעס פֿון נארד אמעריקא 60 וויארסט אין אַ שעה. עס איז דא צווישען דיא פֿייגעל אזוינע, וואס פֿליהען טאג און נאכֿט, און שטעלען זיך נישט אפילו אויף אַ מינוט אברוהען. דער ביסעל, למשל, אז ער לאזט זיך פֿליהען שטעללט ער זיך שוין נישט אב, ביז ער קומט וואהין ער דארף האבען. דיא פֿייגעל וואס פֿליהען נישט אזוי געשווינד, מאכֿען זייערע נסיעות מייסטענס בייא נאכֿט, בייא טאג האבען זייא מורא זייערע פֿיינד זאללען זייא ניט בעפֿאללען און מאכֿען פֿון זייא אַ תל. אנדערע פֿייגעל, וואס פֿליהען נישט גיך, געהען זיך פשוט אמאל

דורך

דורך עטליכע וויארסט צו פוס, שפרינגען אונטער אביסעל, שווימען אביססעל איבער טייכען, טוען אביסעל א פליה, וויא גאט האט זייא געהאלפען, אונ רוקקען זיך אזוי ביסלעכווייז ווייטער ביז זייא קומען אויף זייערע ארטער. דער וואכטעל-קעניג (קאראסטעל) האט זעהר געזונדע פיסס אונ זעהר שוואכע פליגעל, ער שליפט מעהר אפ זיין וועג, אלס ער פליהט. דאס אייגענע איז מיט דער פראסטע וואכטעל (פערעפאל) אויך. גאנצע הונדערטער וויארסט געהען זייא אב צו פוס. מען האט זייא בעגעגענט אין עגיפטען, הישפאניען, גריכענלאנד, אונ דייטשלאנד, אזוי געהען צו פוסס. איבער דעם, וואס זייא פליהען נישט גוט קאנן מען זייא גרינג חאפען, אונ מענשען פערניכטען זייא אין טויזענדער. אויף דעם דייטשען מעער איז פערהאנן איין אינזעל „העלהאלאנד". איבער דעם אינזעל פלעגען פיל הונדערט יאהר דורכאיינאנד דורך פליהען יאהר-יאהרליך וואכטעל. דיא איינוואהנער פון דארט זיינען געווען זעהר צופרידען פון דער עהרע, וואס דיא וואכטעל האט זייא בעוויזען, אונ האבען זייא בעזוכט. זייא פלעגען זייא חאפען טויזענדער-ווייז אונ האבען געהאט גרויססע פערדינסטען פון האנדעל מיט דיא וואכטעל. אפילו דיא דייטשע פאסטארס (גלחים) זיינען אויך געווען פון זייא צופרידען, אז עס פלעגט זיך מאכען, אז דיא וואכטעל פלעגען אנקומען זונטאג, סאמע אין דער צייט, ווענן דער עולם איז געוועזען אין קירכע אונ האט געהערט דעם פאסטאר'ס רעדע (דרשה), פלעגט דער פאסטאר אליין, וואס שטעהט אויף דער בימה אונ זעהט בעססער, וואס טוט זיך אין דרויסען, פון דעם גאנצען עולם, אנזאגען דיא בשורה; ער פלעגט לאזען אין מיטטען דער דרשה, געזאגט: „כן יהי רצון אמן" אונ פלעגט אויסלאזען מיט דיא ווערטער: „מיינע פרוממע צוהערער, צוהערער! דיא וואכטעל זיינען געקוממען צופליהען!"

דיא וואססער-פייגעל זעהען זיך צו געפינען א וועג, אין דיא לאנדער וואו זייא ווילען זיך איבער-קלייבען, איבערן וואססער. דיא גאנגארעס, שטייגעס, וואססער-וואראנעס (באקלאנעס) זוכען זיך אלץ א וועג אין דיא ווארעמע לאנדער איבער טייכען. מעהר שווימען זייא איידער זייא פליהען. זייא שווימען זעהר גוט אונ איבער דעם געדויערט זעהר איבער-קלייבען זיך ווענינג. קיין זאך שטערט נישט אזוי דיא פייגעל וויא דער ווינד. אז עס מאכט זיך זייא שלעכטע ווינדען אויפ'ן וועג, מוזען זייא זיך אבשטעלען אונ איבער ווארטען ביז דער ווינד וועט אויפהערען, אז נישט זיינען זייא מסוכן מיט דעם לעבען. דער ווינד קאן זייא פערטראגען וזייט פון דעם ברעג אין מיטטען ים. מען בעגעגענט אמאל אויפ'ן ים אזוינע פייגעל, וואס דער ווינד האט זייא נעביך פערטראגען פאר 100-טער וויארסט פון ברעג; דיא וואס פאהרען אויפ'ן ים דערצעהלען, אז זייא האט זיך געמאכט צוזעהען

אין מיטען ים אזוינע פֿערבלאנדזעטע פֿייגעל, וואס האבען זיך געזעצט אברוהען אויפֿ'ן שיף. אט אזוי פֿליהען איבער אסך פֿייגעל פֿון איין לאַנד אין דאס אנדערע אללע יאהר. זוממער קומט זייא אויס צו לעבען אין איין ארט, און ווינטער פֿאר טויזענדע ווארסט אין איין אנדער ארט. עס קומט זייא גענוג געזונד אב אין דיא איבער קלייבונגען.

נאר דער פֿאר בלייבען זייא האמש לעבען את זיינען זיך מציל פֿון הונגער און פֿון קעלט. אט אזוי פֿיהרט זיך דאס צווישען דיא פֿייגלען פֿון אייביגע יאהרען אן. און זייא זיינען שוין אויסגעוואקסען, געוואהנט מיט דעם איבערקלייבען זיך פֿון איין ארט אין דעם אנדערן, אזוי אז עס קומט דיא צייט קאנען זייא גאר ניט איינזיצען רוהיג אויף איין ארט, פונקט וויא עפעס ציהט זייא און שפארט זייא אהינצו — אין דיא וויטע ווארעמע לאַנדער. אנדערע פֿייגלען מאכֿט זיך אין לעבען אמאל צוואנציג און מעהר צו מאכֿען אזוינע רייזען (נסיעות) פֿון אונזערע קאנטין אין דיא ווארעמע לאַנדער. זייא ווייזען שוין דיא וועג דיא אינגערע פֿייגעלעך, איבער דעם, אַ פנים, פֿליהען זייא שטענדיג אין איינעם, דיא אינגערע קוקען וויא דיא עלטערע פֿליהען, און פֿליהען זייא נאך. דיא עלטערע פֿייגלען ווייזען אויך דעם וועג צוריק, זייא דערקענען דיא אלטע ערטער אזוי גוט, אז יעדער פֿייגעלע זוכֿט זיך אָפּ דעם נעסט וואס זיא האט פֿאר אַ יאהרען אויסגעפֿלאכֿטען. דיא שטארכֿען, שוואלבעלעך און נאך אסך אנדערע פֿייגלען לעבען נאר אין דיא זעלביגע נעסטען וועלכֿע זייא האבען פֿריהער געלעבט.

---

## דער שלאָף בייא טהיערע.

ניט אלע טהיערע וואנדע'ין אוועק אויפֿ'ן ווינטער צוא זוכֿען זיך בעסערע ערטער צום לעבען. מאנכֿע שלאָפֿען איבער דיא שלעכֿטע צייט. זייא פֿערקלייבען זיך ערגעץ אין אַ פֿארבארגענעם ארט און לעבען אַ גאנצען ווינטער אין שלאָפֿען, ביז עס וועקט זייא אויף דער ווארעמער פֿריהלינג. אז עס קומט דער הערבסט (אסיען, יעסען) אזוי וויא עס ווערט נאר קאלט אין דרויסען פֿערזאמלען זיך דיא פֿלעדערמייז, דיא וועזלאקס, דיא מורמעל טהירע, אין זייערע נארעס און דרעמלען איין. דאס הארץ קלאַפּט אין זייא אזוי שטיל גלייך זייא וואלטען גאר נישט געאטהעמט, דער גאנצער קערפּער ווערט וויא פֿערקיהלט און פֿערגליווערט. זייא קנייטשען זיך איין און קארצען זיך צוזאממען וויא אַ קנויל און ליגען וויא דיא טויטע, ניט ריהרענדיג מיט קיין איינציגען גליעד. אויף דיא הויכֿע אלפּענבערג וואו דער שנעע צוגייט ניכֿט אפילו אין דיא גרעכטע זוממערדיגע

היטצען

היטצען לעבען אזוינע מורמעל חיה'לעך וואס שלאפען גאנצע 8 חדשים אין יאהר.

אז עס קומט דיא שלאפצייט גראבען זייא אויס אזוינע קונציגע נארעס, וואס ציהען זיך גאנץ אפט אויף פופציג ארשין אין דער ערד. דעם אריינגאנג אין דער נארע מאכין זייא זייער שמאל און פארשטאפען איהם מיט הייא און גראז. אין נארע גראבען זייא אויס א געלעגער און בעטטען איהן אויס מיט הייא, וואס זייא האבען זיך אנגעגרייט זוממער. דאס מורמעל חיה'לע נעהמט זיך קיין הייא, וואס מענשען האבען שוין דער בייא געארבייט, אליין מיט זיינע ציינדאלאך גריזעט דאס אתטער זיך אן גראז, לאזט עס ליגען אויף דער זונן, עס זאל זיך אויסטריקענען, און אז עס ווערט שוין פון גראז — הייא, טראגט זיא אין נארע אריין.

א גאנצען זוממער האט עס געגעססען און איז פעטט געווארען, צונד קוממט א שלאפעדיקער תענית אויף גאנצע 8 חדשים און עס וועט זיך אויסהונגערען. אין איין נארע פערקלייבט זיך א גאנצע פאמיליע, צו שיטצען זיך פאר שונאים, ווערט דיא נארע ביים אויסגאנג פערשטאפט גאנצע דרייא ארשין דיא לאנג מיט ליים, שטיינדעליך און הייא. האט מען דאס גיענדיגט, טוללען זייא זיך צונויף איינער צום אנדערן, א קעפעלע צו א ווידעלע און שלאפען איין. און שלאפען שוין ביז דער פריהלינג קומט, און דיא זונן הייבט אן דורך צו ווארעמען דיא ערד. דעמאלט האפען זייא זיך אויף פון שלאף. צום ערשטען שטייען אויף דיא יונגערע און שטארקערע חיה'לעך, דער נאך דיא עלטערע און דיא שוואכערע. —

דיא פלעדער-מויז מאכט זיך ניט קיין נארע אויף ווינטער, זיא איז יוצא מיט וואס עס איז, נאר א ווינקעל ערגעץ אויף א בוים, אין א קעללער, אדער ערגעץ צווישען שטיינער אין א שפאלט, און ווערט דארטען איינגעשלאפען.

פרעש (זשאבעס), שלאנגען און יאשטשערקעס שלאפען אויך איבער דעם ווינטער, זייא פארקלייבען זיך אונטער א שטיין, אין מאך, אדער ערגעץ אין א לאך פון איין אויסגעפוילטען בוים און ווערן דארט איינגע-שלאפען. מאנכע שלאפען ביחידות, איינציגע פארשווינען פאר זיך, מאנכע — בצבור — עטליכע צוזאממען. גראבענדיג אונטער דער ערד, האט מען א מאל אנגעטראפען א גאנץ פעקיל שלאנגען, וואס זיינען געשלאפען צוזאממען געוויקעלט וויא דיא קנוילען צווישען דיא ווארצעלען פון בוימער.

וואונדערליכע מעשות דערצעהלט מען פון דיא פרעש (זשאבעס). ענדע ווינטער האט מען זייא געזעהן פערפרוירען ווערען צוזאממען מיטען וואססער, וואס האט בעגאססען דעם מאך אויף דעם ארט, וואו זייא האבען געשלאפען, נאר וואו עס איז ווארעמער געווארען און דאס אייז, אין וועלכען

זייא זיינען געוועזן פערקאַוועט, איז אפגעגאנגען, איז מיט איהם צוזאממען אפגעגאנגען דיא פרעש אונ זייא זיינען גיווארען לעבעדיג.

אַזוינע מעשות דערצעהלט מען וועגען אַנדערע בעשעפניש אויך. דיא פֿיש, האטש זייא ווערען ניט איינגעשלאָפֿען ווינטער, אונ ראטעווען זיך פֿון דער קאַלט דער מיט, וואס זייא שווימען אראפּ אין דיא טיפֿסטע אָרטער פון טייך, וואו עס קומט ניט צוא קיין קאַלט, פֿון דעסטוועגען מאכט זיך אַ מאל, אז זייא ווערין פֿארפֿראַרען אויף אַ גאנצען ווינטער, אונ דערנאך געהען זייא אפ אונ ווערען צוריק לעבעדיג.

אללע פֿישער, וואס האפען ווינטער פֿיש, וויסען עס. פיאווקעס ווערעמלאך, אללערליי זשוקעס אונ פֿליגען, שנעקען (אוליטקעס) אונ נאך פֿיל קליינע היה'לאך ווערין אויך איינגעשלאָפֿען ווינטער. וויא עס ווערט קאַלט בעהאלטין זיך דיא אללע בעשעפֿנישען, יעדערע וואו עס דערטאפפט איין ארט — אין דער ערד, ערגעץ אין אַ שפּאלט אדער אין מאָך אונ ווערען דארטען איינגעשלאָפֿען ביז עס קומט דער ווארעמער זוממער. אין דיא קאלטע לאָנדער וויא אין נארד-סיביר איז דא אַזוינע טייכלעך, וואס ווערען פֿארפֿראַרען ווינטער ביזען גרונד. דיא אללע פֿיש, פֿרעש אונ אנדערע לעבעדיגע בעשעפנישען, וואס לעבען אין יענע טייכען האבען אין ערגעץ ניט וואוהין צוא אנטלויפען, זייא האבען איין בררה צוא בלייבען דארט אונ פֿרירען. אַ סך ווערען דערפֿרארען אויף טוידט, נאר אַ סך אנדערע לעבען איבער דעם ווינטער אין אייז אונ אז עס קוממט דער זאממער ווערען זייא צוריק לעבעדיג. מענשען וואס האבען געווייזט איבער סיביר דערצאָהלען, אז זייא האבען אליין געזעהן קאראסען, וואס זייא זיינען געלעגען אַ גאנץ ווינטער דערפֿרארענע, זיינען פריהלינג צייט צוריק לעבעדיג געווארען. נאטירליך איז דער שלאף דאס איינציגע מיטטעל זייער לעבען צוא דער-האלטען, ווארום ווען ניט דער שלאף וואלטען דיא אללע מינים אויסגע-שטארבען פֿאר קאַלט אונ פֿאר הונגער.

נאר דער זאממער קען אין אייניגע אָרטער זיין געפֿאָרליך פֿאר דיא טהירע וויא דער ווינטער, ווארום דיא היץ קאן זייא גלייך שאדען וויא דער פֿראסט!

מיר האבען אויף דער ערד אזוינע הייסע לאָנדער וואו זוממער טריקענען אויס אללע טייכען אונ עס בלייבט ניט קיין וואסער אויך צוא טרינקען. ביימער אונ אלערליי גיוויקסען ווערען פֿערטריקענט, אונ דיא טהירע אונ לעבעדיגע בעשעפֿענישען פֿון יענע געגענדען וואלטין קיין מאל ניט אויסגעלעבט דאס יאהר. אין דער טרוקענער צייט וואלט אין דער געגענד אללעס אויף איינמאל אויסגעשטארבען. נור דיא טהירע רעטטען זיך פֿון דער היץ מיט דיא אייגענע מיטטעל, וויא פֿאר דיא קאַלט, מאנכע וואנדערען

אויס

אוים אונ טראגנען זיך אויף איינינגע הויבע אונ טרוקענע אָרטער, את נאך אנדערע, וואס עס רעטטעט זייא דער שלאף. פונקט אזויא וויא אַ טהייל טהירע שלאפען אין דיא קאלטע לאֶנדער ווינטער, אזויא שלאפען זייא דארט אין דיא הייסע לאֶנדער איבער דעם זוממער מיט זיינע היצען, ביז עס וועקט זייא אויף דער הערבסט מיט זיינע רעגענס. זייא דערפיהלין דיא פייכטיגקייט, חאפען זייא זיך אויף אונ הייבען אָן ווייטער לעבען.

אויף דער אינזיל מאדאַגאסקאר (בייא דעם מזרח פון אפריקא) לעבט אַ מין קליינע יאזשיקעס, וואס זיינען גיראטין אין אונזערע. דיא יאזשיקעס קענען זעהער ניטליידין קיין היטצען; אונ קוים מאכט זיך אַ היטץ פערקלייבין זייא זיך אין דיא נארעס, ווערין וויא פאר חלשט, שלאפין איין, אונ שלאפין איבער דיא היטץ פונקט וויא אונזערע יאזשיקעס שלאפען איבער דעם ווינטער!

אין דיא הייסע לאֶנדער פון אפריקא אונ אמעריקא געפינען זיך אזוינע שרעקליכע לאנגע העקדיסין מיטין נאמען קראקאדילין אונ קיימאנעס, וואס האלטין אַ פינף אדער זעקס ארשין דיא לאֶנג; קראקאדילין אונ קאימאנעס זוממער פערגראבין זייא זיך אין גראז לעבין אַ טייך אונ ווערען זייא פאר חאלעשט אונ שלאפען איין; מענשען גייען פאר בייא אונ עס פאלט זייא גאר ניט איין אז זייא טרעטין אויף אזוינע שרעקליכע ברואים! עס טרעפט אז יעמאנד פון דיא וואנדערער פאלט אונ שטארבט פאר שרעק דער זעהענדיג זייא. ענדע זוממער חאפט זיך דער קראקאדיל אויף, ער הייבט זיך אהן ריהרען אונ שטרעקט ארויס פון אונטערין גראז זיינע שרעקליכע צאֶהן!

דיא קראקאדילין שלאפין אַ 2—3 חדשים! מאכט זיך אַ מאהל אונ זייא האפין זיך פאר דער צייט אויף, דאס הייסט, בשעת עס איז נאך שטארק היים, דאס גראז איז נאך פאר דארט אונ דיא לופט צוא טרוקען לאזין זייא זיך דעמאלט גיין זוכין קילערע ערטער, זייא לייגין זיך אויף אַ טייך אונ שווימען ניט ריהרענדיג מיט קיין גליד אין מיטין וואססער וויא דיא העלצער.

אין אפריקא אונ אין אמעריקא אין דיא טייכין וואס טריקענען זוממער אויס גיפינען זיך וואונדערליכע פישין. זייא האלטין דיא לייגג העכער איין ארשין אונ אטהעמען ניט נור מיט דיא פלוססעדערין וויא אנדערע פיש, נאר מיט איין עקסטרא פענחיר, וואס דיענט זייא אנשטאט לונגען, אָט דיא גרויססע פישין מוזען אז טייכען טריקענען אויס לעבען עטליכע חדשים אָן וואסער אויף דער טרוקענער ערד. דעמאלט גראבין זייא זיך איין אַ ביסיל אין גראז, וואס וואקסט אויפין גרונד פון טייך, ווערין פארהלשט אונ שלאפין איין; דאס הארץ קלאפט אין זייא קאם — קאם אונ זייא אטהעמען

שטיל

שטיל מיט דער הילף פֿון פענהיר. עס מאכט זיך זייא אט אזויא אפּ צוא שלאפֿין העכֿער אַ האלב יאהר ביז עס ווערט וואסער.

דיא פיצעלעך בעשעפֿעניסין וויא פליגען, זשוקעלעך, ווערעמלעך, שנעקען און נאך פֿיל אנדערע קליינע היות זיינען אויך אזויא בעשאפֿין גיווארין אז זייא זאלין קאנען לעבען אַ צייט אָהן וואסער.

איהר ווייסט געוויס אז דיא אללע פליגעלעך אונ זשוקעלעך געפינען זיך זייער אַ סך אין דיא בלאטעס, קאלויזשעס אונ אין אללע קויטיקע פֿייכטע ערטער. דארט איז פאר זייא דער רעכֿטער ארט צום לעבין, אַ ריינע שמאלין — גרוב. אין דיא הייסע געגענדין זיינען זייא דא נאך מעהרער וויא בייא אונז אונ לעבען נאר אין דיא בלאטעס.

וויא דיא בלאטעס הייבין אָן אויס צוא טריקענען ווערין זייא אויך איין גידארט אונ פֿאר טריקענט וויא דיא בלעטליך פֿון דיא ביימער.

דער ווינד האפט זייא אונטער אונ פאר טראגט זייא גאנץ ווייט אויף הונדערטער וויארט; נור טרעפֿט זיך אז ער פארווארפֿט זייא אין וואססער אריין ווערין זייא אללע צוריק לעבעדיג, הייבין אָן זשווען גלייך וויא עס איז גאר ניט גיוועון.

וויא לאנג קאנען לעבענדיגע בעשאֶפֿעניש שלאפֿין אונ לעבען אזויא אהן עססען אונ טרינקען? איך וועל אייך דערצעהלין אַ מעשה:

דיא מצריים פֿלעגען פאלמעסין אונ פֿערבאלזאמירין טוידטע מענשען, אז זייא זאלין קאנען אפּ ליגין טויזינדער יאהרין אונ ניט פֿוילין. זייא פֿלעגין ארויס נעהמען דאם הארץ, דיא לונג-אונ לעבער אונ אללע אינגעווײדין (קישקעס) אונ אויף זייער ארט אנגיסין אהינצו אזא מין שמעקעדיגע גע-דיכטע סמאלע אונ אנגעפֿיהלט מיט אזוינע שמעקעדיגע גראזען אונ קרא-טאכֿער. דער נאך פֿלעגין זייא ארומשמירין דעם טוידטין מיט סמאלע, איינוויקלען אין אַ ליילאך אונ נאך אַ מאהל ארומגיסין מיט סמאלע אונ בע-האלטין אין אַ הייל. דיא הייל פֿלעגט מען פֿערמויערין אזויא, אז עס זאל אין דער הייל קיין פֿרישע לופֿט ניט אריין, אזויא פֿלעגין דיא עגיפטער (מצריים) באגראבין זייערע קעניגען אונ גרויסע לייט וואס זיינען אזויא די נאך פֿערשטיינערט גיווארין פֿארהארטעוועט גיווארין וויא ביין.

דיא קברים הייסען פיראמידין, אין איינער פֿון דיא פיראמידין ענגלאֶנדער גיפֿונען אין אַ זארג (טרונע) אַ פֿארבאלזאמירטען קעניג פֿון וואס האט גילעבט צוריק מיט 3000 יאהר.

זייא האבין גיבראכט דיא טרונע מיט דעם קעניג קיין ענגלאי אז מען האט גיעפֿינט דיא טרונע, פאמעליך גינומען פֿארנאנדער לייליך אין וועלכען דער קעניג איז געוועון איינגעוויקעלט — ז מערקט אַ שנעק אַ פֿארדארטין אונ אַ פֿארטריקענטין וואי

אינעווייניג אין ליילאך . מען האט גינומען דעם שנעק , אונ אריין געלאזין אין וואססער אריין אונ ער איז אויפגעלעבט געווארין .

מען האט שוין נאכדעם נאך עטליכע מאהל געפונען אין אזוינע היילען פערטריקענטע שנעקען , וואס זיינען לעבעדיג געווארין אז מען האט זייא אריין גילאזט אין וואססער אריין . דערפון זיינען גילערענטע מענשען גיוואהר גיווארין אז דאס לעבען אין אייניגע בעשעפענישין קאן זיך אפ-שטעלען אויף עטליכע טויזענדער יאהרין אונ דער נאך זאל דאס לעבען ווייטער זיך אומקערין צוא זייא . —

---

## 9-טעס קאפיטעל .

## וויא אזויא דיא טהירען הארעווען אויף פרנסה .

נישט נור דער מענש ארבייט אזויא שווער אויף זיין ברויט ; בייא טהירע גייט כמעט דאס גאנצע לעבין אוועק אויף שטיללען דעם הונגער . יעדע לעבעדיגע בעשעפעניש ארבייט לויט זיינע קרעפטין , יעדעס טהיר וויא מיט מעהר אדער וויינעגער פערשטאנד , שטענדיג פיהרין קריג מיט זיינע פיינד , מיט אנדערע טהירע וואס לויערין אויף זיין לעבין אונ אָהן אויפהער זיך ווערען געגען היץ אונ קאָלט , דארשט אונ הונגער . מען דארף גינוג ארבייטין מען זאל האבין וואס צוא עססען . דיא פייגיל ארבייטין מיטין שנאבעל , מיט דיא פיסלאך אונ מיט דיא פליגעלעך , דיא אפפען (מאלפעס) מיט דיא פיר לאנגע הענד וואס זייא האבין אונ דער צוא מיטין ווידיל , שלאנגען מיטין גאנצען קאָרפער , זייא רינגלען , וויקלען אונ דרעהען זיך וויא אַ שרויף מיטין גאנעצען לייב ארום דער אומגליקליכער בריאה וואס זייא דערטאפין אונ דערדריקין אונ שלינגען איין .

ניט . אלע עססען אלץ איינע זאכען ; טהייל קענען ניט עססען קיין גראז ווייל זייא האבין שטומפפיגע ציין אונ קאננען דאס גראז ניט צוא רייבין ; אנדערע עססען ניט קיין פלייש , ווייל דער מאגין זייערער קאכט דאס ניט , אונ עס איז דא אזוינע , וויא דער מענש , וואס עססען אי דאס אי יענץ וואס מאכט זיך .

אויף יעדען שטיקעלע שפייז זיינען פערהאנדין אַ סך בעלנים , איבער דעם זיינען אללע לעבעדיגע בעשעפענישען שטענדיג פערטראגין , פארטומעלט ; יעדערער זוכט זיך אזא עססען וואס טויג איהם .

פון דיא גרעסטע חיות , פייגלען , פישין , שלאנגען ביז דיא קלענסטע ווערעם אונ פליגין , זיינען אללע פערנומען מיט דאגת פרנסה . אונ צוא

פרנסה

פרנסה מוז מען האבין פערשטאנד, אונ קראפט אונ געוואנהייט, אונ איבער־לייגונג, מען דארף זיין געשיקט אונ ריהרענדיג, מען דארף האבין אַ פנים, אויגין אונ אויערין אונ זעהען אונ הערין וואס טהוט זיך ארום זיך; מען מוז קאנען בענוטצען דיא סעקונד אונ דער צוא צושפרינגען אונ צוא האפין, אונ אין דער צייט אפצושפרינגען אונ אנטלויפין.

איבער הויפט דארפין האבין דיא מעלות דיא פלייש־פרעססער וואס שפייזען זיך מיט אבר מן החי, ווארום געגען גראז אונ אלערליי געוויקסען דארף מען וויניגסטענס קיין קראפט ניט בענוטצען!

יעדעס טהיר האט זיינע פיינד: גרעססערע אונ גיזונדערע טהירע, וואס ווילעןעס פרעססען. אויפין האז לאקערען: וועלף, הינד, קעטץ, מארדערס, אדלער, פוקסין, לוקסין (אַ מין ווילדע קעטץ) פילינעס קארשאקעס אונ הארנעס. דער גרויסער עלענהירש האט אויף זיך: וועלף, בערין אונ לוקסין דער וואלף פארצוקט דעם עלענהירש מיישטענס ווינטער, אין דיא טיפע שנעען. דער בער געהט נאך דער סטאדע אונ קוקט אויס עס זאל איין עלענהירש בלייבין הינטערשטעליג, ער זאלל איהם שטילל צוא רעכט מאכין, דער לוקס לאקערט אויף אַ בוים אין דער הייך; בעוויזט זיך אויף דער ערד איין עלענהירש — שפרינגט ער אויף איהם פון ביים אראפ אונ רייסט איהם אויף מיט דיא צאָהן דעם רוקען מיט דיא בלוט אדערין, דער עלענ־הירש פערבלוטעט אונ פאלט, דעמאלט מאכט זיך דער לוקס פון איהם אַ סעודה!

נאך דיא הירשען, וויא נאך דיא פעשטרושקעס, וויא איהר ווייסט שוין, גייען אויך נאך חיות וואס חאפין אין פרעססען. דיא זשוקעלעך האבין אויף זיך פייגיל וואס מאכין פון זייא אַ תל, פייגלען וואס עסען דיא זשוקעלעך האבין ווייטער אויף זיך טהירען, שנעע ווייזלען אונ נאך פיל אנדערע חיות וואס דער געהען זייא דיא יאהרין. אָט אזויא גייט דאס אַ לאנגע קייט: דיא קלענערע חיות האבין אויף זיך גרעסערע אונ דיא נאך גרעססערע, שטארקערע עססען דיא שלאפערע אונ עס געפינט זיך נאך שטארקערע וואס עססען ווייטער דיא שטארקע.

אין געצעלט צוא אַ רייזענדען אויפין האלב־אינזעל פלארידע, אין זיד־אמעריקע איז אריינגיפלייגין אַ שיינער גרינער כאי־קעפער מיט זיין רויב אַ קליין פליגעלע אונ ער האט זיך גענומען צום עססען מיט גרויס אפעטיט, ער האט זיך פערטיפט אין דער אכילה אונ גאר ניט בעמערקט וויא נאך איהם איז אריין שטילל (אין גיצעלט) אַ פראש. אין אַ רגע ארום איז דער מאי־קעפער שוין אויף דער וועלט ניט גיוועזן — דער פראש האט איהם איין גישלונגען.

דער רייזענדער האט שוין גיוואלט ארויס שמייסען דעם ראש, נאר פלוצלים האט ער דערזעהען, וויא אַ שלאנג קריכט שטילל אריין אין גיצעלט זיא האט זיך אפּ גישטעלט אַ רגע, זיך אויס גיבויגין אונ אַ שפרונג גיטאהן צום פֿראש, וואס האט זיך איינגעקארטשעט אין דרייען. דיא שלאנג האט גיעפֿענט דעם מויל, אַ ביסס געטאהן דעם פֿראש, ארייננעלאזט דעם גיפֿט אונ האט זיך אפּ גערוקט אָן אַ זייט אונ רוהיג געווארט, אומזיסט האט דער פֿראש גיפּראובט שפּרינגען אונ אנטלויפֿין, ער איז שוין גיוועזן פֿערסמט; אין עטליכע סעקונדין ארום האט ער אָן גיהייבין צוא ציטערין, האט זיך אייסגיצייגין אונ גיפֿאללין; דיא שלאנג איז ווייטער צוא גיגאנגען, גיעפֿענט דאס מויל אַ חאפּ געטאהן דעם פראש אונ גינומען זיך שלינגען (איהר דארפֿט וויסען אז אַ שלאנג קאנן ניט קייען זיא מוז אלצדינג וואס נאר זיא האפּט איינשלינגען גאנצער הייד וויא עס איז) דער־פֿראש איז גיוועזן אַ היבּשער אונ דיא שלאנג האט זיך באדארפט אַ ביסעל מאטערין ביז זיא האט איהם אראפּגישלונגען, דער נאך איז זיא גאנץ רוהיג ארויס פֿון געצעלט, נור באלד ביין ארויסגאנג איז אָנגיפֿלויגין איף איהר אַ שטארך, האט איהר דער לאנגט אַ פאטש מיט דיא פֿליגעלעך אונ אַ פיק מיטין גרויסין שנאבעל. אומזיסט האט דיא שלאנג זיך גידרייט, גיעפֿענט דאס מויל אונ גיוואלט אַ ביס טאהן דעם שטארך, אומזיסט האט זיא זיך גידרעהט, אונטער גישפּרונגען אונ גיווארפֿען מיטין וויידיל; אין אַ מינוט ארום האט איהר דער שטארך נאך אַ מאהל אַ פיק גיטאהן אונ איבער גיהורת אזויא לאנג ביז ער האט זיא דער פיקט.

דער נאך האט ער זיא אנגיהאפּט מיטין שנאבעל, אויפֿגיהייבין אונ גיוואללט אוועק פֿליהען, נאר ער האט ניט געקאנט; דיא שלאנג איז גיוועזן צוא גרויס. דער שטארך האט זיך אפּ גישטעלט אויף אַ רגע גלייך ער האט אַ ישוב גיהאט; דער נאך האט ער זיא נאך אַ מאהל אַנגינומען מיטין שנאבעל אונ איז מיט גרויס מיה אונ מאַטטער געפֿלויגין מיט איהר אזויא נידעריג, אז אַ האלבע שלאנג האט זיך איהם נאכגישלעפּט אויף דער ערד.

דער רייזענדער האט גיזעהען וויא אזויא דער שטארך האט זיך קאם צוא גישלעפּט צוא אַ אויסגיהיילטין ביים אונ דארט האט זיא זיך גינומען צוא דער אַכילה. נור אונטער דעם אייגענעם ביים זיינען געזעססען צווייא קראָפּ־געגנז־פעליקאנען. דיא פעליקאנען זיינען גרעסער אלץ אונזערע היימישע געגנז את האבין לייננערע אונ ברייטערע שנאבלען, נור דער עקר צייכֿענען זייא זיך אויס מיט דער לעבעדיגער שפּייז־אַלמער וואס זייא טראגין מיט זיך, דאס איז אמין בייטיל פֿון דער הויט, וואס הייננט זייא אונטערין שנאבעל. פֿון דעם וואס זייא שלינגען איין גערהט אַ טהייל איי־

אריין

מאגען אריין צום פֿערדייען, די רעשט (אויב עס איז דא) בלייבט ליגען אין בייט׳ל אויף שפעטער.

שפייזין — שפייזין זיך די פעליקאנען מיט פֿיש, פֿראָש און שלאנגען אין בשעת דער שטארך איז צוגעקומען צום בוים, זיינען די בייטיל גיווען לעער! די פעליקאנען האבען זיך באלד צו גיחאפט צו דער שלאנג, נור דער שטארך וויל „זיין שטעדטיל בעשטעהען" — דער שטארך שלאגט מיט די פליגיל און שרייט, די קראפ-גענז טהוען אויך דאס גלייכען, קלאפען מיט די פליגעל און שרייען, דאס הייסט „אביאוועט אַ קריעג" אין באלד דערנאך איז גיווארין געשלעגין מיט פֿליגעל און אַ פיקערייא מיטן שנאבלען! אין דער היץ פֿון דער מלחמה האבען זייא דערווייל גאר פארגעססען אָן די שלאנג; זיא האט בענוצט די מינוטען און איז דערווייל צו גיפיזשעט נאָהנטער צוםביים און גיוואללט מאכין פלטה. נור דעמאלט האט זיך ארוים גירוקט פֿון לאך אין ביים, און האט זיך גיוויזין עמיצענס אַ לאפע האט אנגעחאפט און אריינגיציייגין די שלאנג. די פֿייגעל האבען עס דערזעהען און אפלאזענדיג איינס דאס אנדערע צו גילאזט זיך אפשלאגין זייער רויב נור עס איז שוין גיוועזען צו שפעט די שלאנג איז שוין גיוועזען אין לאך וואס איז פאר די פייגעל צו שמאל און ענג גיוועזען! און זייא זיינען אוועק גיפֿלייגין מיט גאר נישט. דער רייזענדער איז צוגיגאנגען צום ביים, און האט אריין גיקוקט, אינעווייניג אין חלול, און האט גיזעהען וויא אַ גרויסע סאווע האט זיך געקוויקט מיט דער שלאנג, ער האט גיוואלט שיסען, נאר פלוצלים האט ער זיך פֿאר זיך אליין פֿערשעמט ער האט גיטראכט: עס איז אַ קייט פֿון רציחות, פֿון פֿערדארבין, דארף זיך צו מאכין נאך אַ רינג צו דער קייט? נאך וויניג? און עס איז באמת אַ קייט! אדער בעססער אמת׳ר הד-גדיא. יעדע בריאה האט אונטער זיך שוואכערע, און איבער זיך שטארקערע, אין איין זייט עסט, זיא אין צווייטער — ווערט זיא גיגעססען. איין אייביגע מלחמה דאס לעבען צו דער האלטין.

---

## די פרנסה בייא לייבען און טיגער.

דער לייב, איז דער קאָניג פֿון די חיות, און דער טיגער וואס טרעהט איהם מיט וויניג אפ — דא־פֿין פֿערשטעהט זיך אַ סך האבין, אזוינע שטארקע חיות מוזין אַ סך עססען! אויף אַ געוויסין ארט אין נארד-אמעריקע אין דעם יאהר 1855, האבין גילעבט 30 לייבין און האבין אויף גיגעסען פֿיה, קיה, אָקסען, פֿערד, שאף און ציעגין פֿאר 45 טויזנד רוביל; דורכבאנק האט יעדער איינציגער לייב איפגיגעססען פֿאר 1500 רוביל;

דיא גוט-בעזיצער אין אלזשיר (נארד-אפריקע) בארעכֿנען, אז יעדער לייב קאסט זייא ביז 8000 רוביל אַ יאהר, אזוי פֿיל פֿרעססען זייא אויף — פֿון לעבענדיגע אינווענטאר אונ איהר דארפֿט וויססען אז דארט איז פֿיה וואלוועל. אין 1856 האבין דארט דיא לייבין פֿערצוקט 10000 שטיק פֿערשיידענע פֿיה! נאר דאס איז נאך ניט דיא גאנצע פרנסה פֿון לייב! וואו זיינען דיא טהירע וואס ער פֿערצוקט אין וואלד? אויף זיין רויב גייהט דער לייב ארויס בייא נאכט. ער גייט טריט בייא טריט, דיא אויגין פֿינקלען איהם אונ לייכטין אין דער פֿינסטער, וויא פֿייערדיגע רינגען. צייטין וויזו לאזט זיך הערען וויא אַ דונער, ער טהוט אַ ברום, ווערט אנטשוויגין אונ ברומט ווייטער.

דיא סטאדעס, אז זייא דערהערין זיין שטיממע, הייבין אָן ציטטערין פֿאר שרעק; דיא הינד וואס היטין דיא סטאדעס, צוא לייפֿין מיט יעממערליך געבעלעריי, בעהאלטין זיך וואו זייא קאנען אונ אללע חיות אין וואלד בלייבין שטיל פֿאר פחד! דער לייב גייט זיך גאנץ רוהיג צום ארט, וואו דאס פֿיה שטעהט. דיא סטאדע וואס דער הערט איהם שלאגין זיך צוא זאממען אין איין הופֿין; דערשראקענע אונ פֿערציטטערטע טולען זייא זיך איינס צום צווייטין אונווארטין אויפֿין טוידט; עס דויערט אַ רגע אונ דער לייב איז איבערגישפרונגען איבערין העכסטין פארקאן, געהאפט דעם גרעסטין אָקס, אדער דיא גרעסטע קוה מיט דיא פֿארעדשטע פֿיס, געטיידט אונ מיטין רויב שפרינגט ער צוריק איבער דעם פלויט אונ לאזט זיך שוין געשווינדער אין זיין נארע אריין וואו ער וועט גאנץ רוהיג אויף עססען אונ פֿערדייען זיין וועטשער.

אַ רייזענדער האט גיזעהען וויא פֿינף יעגער (אהאטניקעס) האבין אויף געזונדע פֿערד נאכגעיאגט אַ לייב, וואס איז גילאפֿין מיט אַ קאַלבעלע אין דיא צאָהן און האבין איהם ניט גיקאנט דער יאגין. דער לייב פֿאלט אַ מאהל אָן אויף אַ מענשען אויך. אַ פאסטוך האט אַ מאל גיטריבין צום וואסער אַ סטאדע אָקסין, פלוצלינג דער זעהט ער אַ לייב, ער האט זיך מישב גיוועזען זאל דער לייב בעססער צוא נעמען איין אָקס איידער אַ מענש. ער איז אריין אין דער מיטט סטאדא, אונ גערעכֿענט אז דער לייב וועט האבין דעם ערשטין גרויסין אָקס אונ אוועק גיין. האט זיך אבער מענשין-פֿלייש פֿערגלוסט דעם לייב! ער האט זיך גילאזט אין דער מיטין אריין אונ דער פאסטוך איז קאם ארויס מיטין לעבין; ער איז אין דער רגע ענטלאפֿין; צום גליק איז נאהענט גיוועזען אַ ברייט פֿערוואקסענער בוים מיט גרויסע נעסטין פֿון פֿויגיל. דער פאסטוך איז ארויף אויפֿין בוים אונ האט זיך בעהאלטין הינטער דיא נעסטער, דער לייב איז איהם נאכגישפרונגען, נור אויפֿין בוים האט ער נישט גיקאנט ארויף, ער איז צוריק אראבגיפֿאלין אויף

אויף דער ערד! נאך גילאזט האט ער ניט! עטליכע מאל איז ער ארומ-גיגאנגען ארום בוים, אויפגיהייבין דעם קאפ אינ בייז ארויפגיקוקט. דער נאך האט ער זיך אַ נידער גילייגט לעבען בוים אונ בעלעגערט דעם פאסטוך. אזויא איז ער גילעגען אַ גאנץ מעת-לעת אויף איין ארט. ענדליך, האט זיך איהם פערוואללט אַ טרונק אונ ער איז אוועק צום טייך. וויא דער פאסטוך האט דאס דערזעהען, איז ער געשווינד אראב פון בוים אונ גענומען לויפען אהיים. אבער דער לייב האט דאס בעמערקט אונ האט זיך נאך איהם נאכ-געיאגט. ער האט זיך אומגיקעהרט ערשט, ווען עס איז שוין מעהר ניט געבליעבען וויא 300 טריט צום פאסטוך'ס היים.

צוא איינעם אַ קאלאניסט איז אמאל אריינגעקומען אַ לייב אונ האט זיך רוהיג גילייגט אויף דער שוועל פון שטוב, וואו זיינע קליינע קינדער האבין זיך געשפיעלט. דעם קאלאניסט'ס ווייב האט דאס דערזעהען אונ איז שיער ניט גישטארבין פאר שרעק. צום גליק איז אפפען געוועזען דאס פענסטער אונ ביים פענסטער האט גיהאנגען איין אנגעלאדענער ביקס. דער קאלאניסט וואס איז דאמאלסט גיוועהן אין דרויסען, האט דורך דעם פענסטער דערזעהען דעם לייב, ער האט אראפ גיהאפט דיא ביקס, גיציעלט צום לייב אונ אויסגישאסין! דיא קויל איז דורך גילאפין לעבען דיא קינדער, געטראפין דעם לייב גלייך אין שטערען אריין אונ אַ נידער גענייגט איהם אויפין ארט! אין דיא געגענדין, וואו עס האלטין זיך אויף לייבין איז דאס מענשליכע לעבען אין סכנה! מען מאכט גאנץ אפט אויף זייא אבלאוועס, נזר דאס זיינען געפעהרליכע זאכין, אונ מאססען מענשען קומען אום! געווינליך מענשען זיינען אומגיקומען אין געיעג אויף לייבין. אין סודאן (אין מיטטין אפריקא) ווערט געגוצט געגען דעם לייב אַ געוויססע קמיע מיט אַ פסוק פון קאראַן (דיא מאהמעדאנישע תורה) קמיעות. קויפט מען פאר גוטע געלד בייא דיא מוללא'ס (מהמדאנישע מורי הוראות) אונ מען היינגט אויף איפין פלאטץ וואו עס פיטטערן זיך דיא בהמות! מען גלויבט אז דער לייב דער שרעקט זיך פאר דער קמיע, דער לייב טהוט אפילו זיין זאך אונ הערט דיא קמיע וויא אין טראק, אבער דעננאך הערט מען ניט אויף אין דיא קמיע צוא גלויבען.

דער לייב, ווייסט איהר שוין פרעסט אי היימישע פיה; אי ווילדע חיות. צוא דעם אללעם האט ער גינוג כח אונ פערשטאנד. היימישע פיה תאפט ער אונ טיידט אויף איין אופן אונ ווילדע טהירע אויף איין אנדער אופן.

דער לייב בעפאלט אדער אין קאמפאניע מיט אנדערע לייבען, אדער ער אליין היט אב ביז עס בעוויזט זיך לעבן איהם אַ טהיער. אז עטליכע לייבין האפין צוזאמען אַ ווילדע ציעג אדער איין אנדערע טהירע צוא טיילין זייא זיך באלד...

דער לייב האט שבל צוא געהען שטילער הייד, אינ זיך אונטערבייגין אונטער זיין רויב אנטקעגין דעם ווינד כדי דאס טהיער, וואס ער וויל האפין, זאל ניט דער הערין זיינע טריט. קומט ער צוא נעהענטער, טהוט ער אַ שפרונג אונ דערשלאגט דאס טהיער אויפין ארט. אַ רייזענדער האט אַ מאהל צוגיזעהען אזא געיאָג.

אַ קליינע סטאדע זוברעס (אַ מן פערד) האבין זיך געפיטערט (גע-פאסעט) אויפין פעלד. זייא האבין גאר ניט אָן גיהייבין פיהלען אָדער הערען, אז עס גנבנען זיך אונטער צוא זייא צווייא לייבען, אַ „ער" מיט אַ „זיא", אזויא שטילל האבין זיך דיא רוצחים צוגערוקט אין הייכין גראז.

ערשט אז דיא לייבין זיינען צוא גיקומען איין עטליכע שריט, האט זייא דער עלטערער זובער — דער פיהרער פון דער סטאדע בעמערקט אינ האט אַ הירזשע געגעבין אלס צייכין פון גיפאהר, דיא סטאדא זאל אנטלויפין, נאר עס איז שוין געוועזן צוא שפעט. איין זובער איז שוין גיבליבין אויפין ארט.

נאך שרעקליכער פארין לייב איז דער טיגער, ער איז גיזונדער פאר איהם אונ פרעסט מעהרער איך. אבוואהל דער טיגער איז קליין, קלענער וויא 3 ארשין אין דער לאָנג, פון דעסט וועגין פאלט ער אָן אויף אלערליי טהירע, אפילו יונגע עלעפאנדין אונ האָרנ-נעזער זיינען איך ניט בעווארנט פון זיינע נעגיל. ער גנבעט זיך, שפרינגט אונ פאלט אָן אויף זיין רויב גיט ערגער פון לייב. נעגעל האט ער לאנגע אונ שארפע, אונ מיטין פוס דערלאנגט ער אזא גיזונטען פאטש אז עס ווערט אַ יואונד איף 5 צאהל טיעף.

טיגערין געפינען זיך מאססענהאפט אין אינדיען. מען דערצאָהלט אפילו אז אַ טיגער האט אַ מאל גישלאגין צוטויד איין עלעפאנד! אין איין נאכט האט אַ מאל אַ טיגער אויפגיגעסען דרייא סאלדאטין, וואס זיינען בייטשאנען איף וואכט (קאראול) אונ האבין גיהאט ארום זיך ביקסען מיט געזנוג פולווער.

עס מאכט זיך אַ מאהל, אז דיא טיגערין לויפען אריין אין אַ דארף אדער אין אַ שטאט אין שיינעם העללען טאג, חאפין אַ מענש פון גאכס אונ אנטלויפין.

אין איין משך פון 2 יאהר האבין אַ מאל דיא טיגערין פון איין דארף אוועקגיטראגין אונ אויפגעגעסען 80 מענשען! דער טיגער איז שרעקליך שלעכט אונ באז, אונ אז מען פאלט אריין צוא איהם אין דיא לאפעס, איז שוין שווער זיך ארויצורייסען, מען דער צייהלט למשל אזא מעשה, וואס איז גיוועזן אין אינדיען.

איין ענגלאָנדער אפיצער איז גיפארין רייטענדיג אויף אַ עלענפאנד. דער

דער וועג איז גיוועזען פֿארוואקסען פֿון ביידע זייטען מיט הויכע אונ געדיכטע גראז וואו דיא טיגערין קאנען זיך בעהאלטען. אין מיטען וועג האט זיך בעוויזען אַ טיגער אונ איז גלייך ארויפֿגישפרונגען אויפֿען עלעפאנד. דער ענגלאֶנדער האט ניט אוספייעט זיך ארומקוקען וויא דער טיגער האט איהם אַ האפּ גיטאהן אונ אוועק געשלעפט אין גראז אריין.

דעם ענגלאֶנדערס חברים וואס האבין איהם גאנגעריטען האבין עס פֿון וויטען דערזעהען. נור שיססען האבין זייא מורא גיהאט זייא זאלין נאך דעם אפֿיציער ניט טרעפֿין. זייא האבין זיך מיאש גיוועזען פֿון חבר אונ גיוואלט פֿאהרין וויטער. נור דער וויל האבין זייא פלוצלים דער הערט אַ שטאָם אין גראז פֿון אַ פיסטאלעט, איין מאל אונ נאך אַ מאל. זייא זיינען באלד צוא גילאפֿין אונ האבין גיטראפֿין דעם טיגער גישאסין אונ אויף איהם דעם אפֿיציער אין חלשות. זייא האבין איהם דער מינטערט אונ ער האט זייא דער צאֶהלט וויא אזוי ער האט דער שאסין דעם טיגער.

ער האט אדויס גישלעפט פֿון הינטערין גארטעל דעם פיסטאלעט אין דער צייט, ווען דער טיגער האט איהם געשלעפט איבערען גראז, אונ האט צווייא מאל אויס גישאסין. צום ערשטין מאל האט ער נישט גיטראפֿין, נאר דיא צווייטע קויל איז גלייך אריין דעם טיגער אין הארצין אונ האט איהם געטוידט.

דיא געיאָג אויף טיגרען איז גיפֿאֶהרליכער וויא אויף לייבין. דיא אינדיישע ראדזיש (פֿירשטין) האבין זייער ליעב זיך צוא פֿארנעהמען דער מיט.

זייא טרייבין צונייף טויזענדער מענשען ארויס צוא טרייבען דעם טיגער פֿון דיא שטרייכען (קוסטען) וואו ער בעהאלט זיך. מען יאגט איהם פֿון אללע זייטען צום ארט וואו דיא ראדזיש ווארטין גרייט צו שיססען. מאנכע ראדזיש האבין אזויא ליעב דיא געיאָג אויף טיגערין, אז זייא פֿארווערען דאס אנדערע צוא טאהן.

אין מאנכע פראווינציען טארין דיא איינוואהנער קיין טיגער ניט בע-פֿאללען, כדי דיא ראדזשעס זאלין האבין מיט וואס זיך צוא בעשעפֿטיגין... דער ווילע מאג דער טיגער אנמאכען דיא גרעססטע שאדין!

דיא טיגרען בעווייזען זיך אויך אין רוססלאנד אויף אַמור אונ אין מיטין אזיען.

בייא דעם כטאן קאזלאווסק, למשל, האט זיך אין 1866 בעוויזען אַ שרעקליכער טיגער. אין צייט פֿון עטליכע טעג האט ער ארויס גיחאפט 25 הינד אונ 3 שטיק פֿיה. פאר מענשען האט ער זיך וויניג וואס גישראקין. ער פֿלעגט קומען בייטאג אונ פֿאר אלעמען אין דיא אויגין צוא רייסין דיא הינד.

דאס האט גיווארפֿין אזא שרעק אויף דיא איינוואהנער, אז בייא נאכט

האט

האט קיינער ניט גיוואגט ארויס צוא גיין אַ טריט פֿון שטוב. ענדליך האבין 16 קאזאקען איהם ארום גערינגעלט אונ געטײדט. אַ אנדער טיגער איז אַ מאל דורך גיגאנגען פֿאר בייא אַ הויז אונ דער זעהען אַ מענשען שלאָפֿען בייא אַ אָפֿענעם פֿענסטער. ער האט גיוואלט אריינשפּרינגען, נור דער פֿענסטער איז גיוועזען צוא שמאל אונ דער וואס איז בייא דעם פֿענסטער גישלאָפֿין האט זיך דער וויל אויפֿ-גיהאפט אונ אנגיהייבין שרייען, אונ אויף זיין גישרייא זיינען מענשען צונויפֿגילאָפֿין אונ קאם אוועק גיטריבין דעם רוצח.

## װעגען דעם לוקס!

דיא לייבין אונ דיא טיגרען לעבען נאר אין דיא הייסע לאַנדער אונ בייא אונז אין אייראפּע זיינען זייא ניטא. דעם לוקס בעגעגענט מען אין שוועדען, אין דייטשלאנד אויף דיא הויכע בערג, אונ אויך אין רוסלאנד.

דער לוקס איז קלענער פֿון טיגער, ער האט נישט מעהר וויא $1^1/_2$ ארשין דיא לאַנג, נור דאס שאדט איהם ניט צוא זין מערדעריי אונ ער איז שרעקליך פארין היימישין פֿיה.

ער פֿרעסט ציעגען, שאָף, אונ הירשען אפילו אויך. מען דער צאהלט אז איין לוקס האט אַ מאל אין איין נאכט צוריסען 30 שטיק שאָף.

הונגעריגערהייד בעפֿאלט ער שאף אונ בהמות, נור ער עסט זייא ניט אײף אזויא פֿיל וויא פֿיל ער צוא רייסט. ער האט זייער ליעב צו טרינקען דאס ווארעמע בלוט. ער האט שוין זיינע תנועות אונ זיינע מיטלען וויא אזויא צו פֿאנגען זיין רויב. ערגעץ אין געדיכטען וואלד קריכט ער ארויף אויף אַ ביים, וויא אַ קאטץ, זעצט זיך אויף אַ צווייג אונ לויערט אויף זיין רויב. געהט דורך אַ ווילדע ציעג אדער איין אנדער טהיער שפרינגט ער אויף זיא ארויף אויפֿין רוקען אונ צורייסט איהר בלוטאדערן.

דער לוקס שפרינגט זייער קונציג. ער טהוט אַ שפרונג אויף אַ 6 ארשין אונ טרעפֿט כמעט שטענדיג אָן וואוהין ער ציעלט זיך. אז ער שפרינגט ארויף אַ הירש, בייסט ער איהם פֿעסט מיט דיא צאָהן אין קארק. ער לאזט אריין טיף אין פֿלייש דיא נעגעל אונ זיצט אויפֿין הירש אזויא לאנג, ביז ער געהט אויס.

אין אַ שוועדישען דארף איז אַ מאל אַ סטאדע ווילדע ציעגען פֿון וואלד ארויסגעלאָפֿין. זייא האבין זיך געדרעהט אונ געווארפֿין אויף אלע זייטין וויא פֿערטשאדעטע.

מענשען האבין גאר ניט גיקאנט פֿערשטעהען וואס עס האט זיך מיט דיא גיטראָפֿין אועלכעס, ביז מען האט דערזעהען, וויא אויף איינע פֿון דיא ציעגען

ציעגען ליעגט אַ לוקס, ער האט זיך איינגידרעהט אונ איינגיטשעפעט אין דער ציעג אינ האט אין איהר פֿלייש אזויא טיעף אריינגעלאזין זיינע נעגיל, אז ער האט זייא שוין צוריק ניט גיקאנט ארויס רייסין. דיא ציעג האט איהם אזויא נאך מיט גישלעפט אין דארף אריין.

דיא דארפֿסלייט האבין זיך גינומען צום לוקס, נור ניט אזויא לייכט האבין זייא איהם, גיחאפט וויל דיא ציעג האט זיך מיט איהם גיווארפֿין אויף אללע זייטין, קוים, קוים האט מען געהאפט דיא ציעג אונ גיקאנט שיססין דעם לוקס.

## וויפיעל דארפֿין דיא וועלף אויף עססען!

דיא לוקסין ווערען "ביסלעכווייז פֿערפֿאלען אונ אין אַ טהייל לענדער טרעפֿט מען זייא אומגעהייער זעלטען, דער כֿאר האבין מיר נאך אַ גרעסערעניש אויף וואָלף וואס טהוען דיא גרעססטע שאדין.

עס איז זיך שווער פֿארצושטעלין וויפיל פיה אַ וואלף פטערט אוועק דורך אַ יאהר!

אין ליפֿלאנד אליין האבין דיא וואָלף אין 1823–טען יאהר אויפֿגיגעסען 15000 שאף, 1800 קיה אונ אָקסען, פערד דאס גלייכען, 3250 לאָממער אונ ציעגען, 4000 חזרים, 700 הינד, 2000 גענז אונ הינער! אין גאנץ רוססלאנד עסען אויף דיא וועלף יאהר–יעהרליך ביז 180,000 שטיק גרויסע בהמות, 5,600,000 שטיקליך קליין–פיה, 100,000 הינד, אויסער היימישע אונ ווילדע פֿייגיל, וואס מען ווייס גאר ניט קיין צאהל, וויא פיל זייא עסען אויף, צום וויינינגסטענס עסען אויף דיא וועלף יעדער יאהר פאר אַ 25 מילליאן רוביל פיה. דער וואלף איז זעהער בעז, ווען ער איז הונגעריג דעמאלט, ווארפֿט ער זיך אויף אַ מענשען אויך.

דיא וועלף געהען אַ מאל איינציגוויים אונ אַ מאהל אַ סך צוזאממען, אז זייא גייען ארויס אויף גזילה, אין קאמפאניע לאזין זייא זיך אין אַ לאנגע שורה–איין וואלף נאך דעם אנדערין–נאשפיטץ.

זייא ווארפֿין זיך ארויף אויף זייער רויב, ניט קוקענדיג ווער עס איז. איז איין וואלף וויניג, לויפֿין צוא מעהר אדער אלע.

פֿאלט אַ וואלף, פֿרעססען איהם אויף דיא לעבעדיגע וואָלף, נור כל זמן זייא לעבען העלפֿען זייא זיך איינער דעם צווייטין, וויא עס דארף צוא זיין!...

אז דיא אמעריקאנישע וועלף בעמערקען אַ סטאדא הירשין טהיילין זייא זיך פֿארנאנדער, איין טהייל וועלף בעהאלטין זיך אין וואלד ביים וועג, דאס צווייטע יאגין נאך דיא הירשען אונ טרייבין זייא צום וועג וואו יענע ליגין בעהאלטען

אונ

אין האפין צוא איינציגע אדער צוא צוויא פון דיא דורך לייפיגע הירשען.

איינער האט דאס זעלבע געזעהן אין א געיעג אויף ציעגען. צוויא וועלף האבין בעמערקט א סטאדא פון ציעגען. זייא האבין זיך פריער אפ גישטעלט וויא איין עצה צוא האלטין, דערנאך האט זיך איינער בעהאלטין אין א גרוב אונ דער צווייטער איז אוועק גיגאנגען א שטיק וועג אין האט זיך אן א זייט צוא געלאזט צוא דיא סטאדא אונ האט זייא צוגיאגט צום גרוב וואו זיין חבר איז גילעגין, א טייל ציעגען איז אויס געקומען צוא לייפין גאר נאהענט צום גרוב, אונ איינע פון זייא איז שוין גיחאפט גיווארין. ווען דיא וועלף זאלין ניט זיין אזוי הינטער ליסטיג אין דער בייא ניט העלפען איינער דעם אנדערין וואלטין זייא קיין ציעג וואס לייפט גישווינד קיין מאל ניט גיהאפט.

וועגען דיא וועלף אונ זייער הינטערליסטיגקייט דערצאהלט מען פיעל וואונדערליכע מעשות.

דיא אמעריקאנישע וועלף האבין אפילו שכל צוא בעגנבנן דיא פישער. ווינטער צייט האפט מען דארטין אויף דיא גרויסע טייכין פיש אונטערין אייז. צוא דעם צוועק ווערין אין דעם אייז אויסגעהאקט לעכער אונ אריין גילאזט לאנגע שטריק מיט קרוקעס אויף וועלכע עס ווערען אויפ-גישטאבין ווערעם, שטיקלאך פלייש, אדער אנדערע עסענווארג אויף וועלכע דיא פיש זיינען שמארקע בעלנים; דער צווייטער עק שטריק ווערט צוגיבונדען צוא אריינגישלאגענע העלצער, דיא פיש זאלין זיך ניט קאנען אריין שלעפען אין וואסער.

דיא דארטיגע גרויסע אונ גישמאקע פיש האפין זיך זייער לייבט אויף דעם אייפין אונ דיא פישער וואס פאהרען זיך צוזאמען צוא דיא טייכען מאבין גוטע געשעפטען. נור גאנץ אפט בעמערקען עס דיא וועלף. זייא ווארטען אב ביז דיא פישער גייען אוועק אין לאזען איבער דיא נעצען; דעמאלט שפרינגען זייא צוא, רייסען אויס דיא העלצער מיט דיא ציין אין אנטלויפין מיט דיא העלצער אין מויל. דער שטריק שלעפט זיך ארויס, אונ דיא וועלף עסען אויף דיא געהאפטע פיש אדער דאס עססענווארג וואס מען האט פאר זייא אנגיגרייט.

---

## בערין.

דיא זעלבע קונצען קאנען דיא בערין אויך. אין קאמטשאטקע רייניגין זייא אויס אונ ליידיגין אויס דיא נעצען, וויא דיא אמתע גנבים. אז זייא בעמערקין ערגעץ א נעץ ציען זייא זיא ארויס פון וואססער אונ שלעפען ארויס אללע געפאנגענע פיש.

זייא זעצין זיך אנידער אויף איין ארט, וואו עס איז דא אַ סך פֿיש אונ האפּין זייא מיט דיא לאַפּעס. זייצוא עֶסּעֶן אונ צוא וואַרפֿין דיא נאַרעס פֿון מוראשקעס (מילבען) אונ עססען אויף דיא מוראשקעס, זייא קלעטערין אויף ביימער מיט בינשטאַקעס אונ עססען אויף דעם האניג. פֿאַר דיא בינען אונ זייער גיפֿט איז דער בער געשיצט מיט זיין האריגע פֿעל; טרעפֿין מיט אַ שטאך קאנען זייא איהם נור אין דער גלאַטע נאז אריין; עס טהוט איהם וועה אונ ער הייבט אהן בורטשין אונ ווארפֿין מיטין קאפּף. דער בער האט ניט פֿיינד קיין פֿלייסיגין ביסען אויך.

עס זיינען פֿערדאַנדין אזוינע בערען, וואס בעקאָסטיגען זיך נור אויפֿין חשבון פֿון אנדערע פֿיה.

זייא האלטין זיך צוא דעם צוועק ניט ווייט פֿון אַ סטאַדא אונ גיעבען אכטונג אונ קוקין ארויס, טאמער וועט עמיצער זיך אפּרוקען אָן אַ זייט, מען זאל איהם צוא רעכט מאכען!

אַ מאל גערעט עס דעם בער גאר לייכט אונ זיין רויב פֿאַלט איהם כמעט אין מויל אריין, נור עס מאַכט זיך אויך גאנץ אָפֿט אז ער באַצאַהלט דער פֿאַר צוא טייער.

איידער עס גערעט איהם אוועק שלעפּען אַ קוה פֿאַלט אויף איהם גאנץ אָפֿט אן דיא גאנצע סטאַדא, דיא אקסין יאגין זיך צוא מיט דיא גרויסע הערנער אונ נישט יעדער בער קאן גענען זייא בעשטעהען! עס טרעפֿען זיך אבער אזוינע בערען וואס הערען דאַבייא אין כעס אונ צערייסען אנשטאט איינעם עטליכע אקסען!

דער הונגעריגער בער בעפֿאַלט אַ מאל דיא שטאל אויך.

קאן ער נישט אויפּברעכען דיא צוא שטארקע טיהר, קריכט ער ארויף אויפֿין דאַך, ברעכט איהם איין אונ שפּרינגט אריין אונ פֿרעסט זיך אָן אונ גייט זיך צוריק ארויס אַ זאַטער.

דיא איינוואהנער פֿון דיא אַלפּען דערצאהלין, אז דער בער שלעפּט אָפֿט ארויס דורך דעם איינגיבראכענעם דאך אַ געטויטע בהמה.

## פוקסען.

איינינע טהיערע לעבען זיך מיט כח, אנדערע אבער מיט זייער איינפֿאַליגקייט, קלוגשאַפֿט אונ פֿערשטאנד!

איבער הויפּט איז בעריהמט דער פֿוקס פֿאר אקלוגען. עססען עססט ער אלץ וואס עס מאכט זיך: הינער, האזען, מייז אונ אפילו פֿליגין אונ מאי-קעפער אויך.

ער איז שטענדיג געשיקט, פלינק און קלוג.

איינער האט גיזעהען וויא אַ פוקס האט גיכאפט אַ שטאַבעל-שוויין (יאָזשיק). אז דער יעזשאַק דער זעהט, אז מען וויל איהם האפין קאייקילט ער זיך צוא נייף וויא אַ קנויל, דעם קאפ אינ דיא פיס בעהאלט ער אונטער זיך און שטעלט ארויס זיינע האר, וואס זיינען שארף, שפיציג וויא נאדלין: געגען דיא האר קאן זיך געוויינליך דער פוקס קיין עצה געבען.

אזויא איז דא אויך גישעהן: דער פוקס האט דאס שטאכעל-שוויין געהאפט, ער האט איהם אין דיא לאפעס, נור עססען קאן ער נישט: עס לאזין נישט דיא נאדלין. לאנג האט ער זיך געמאטערט מיט איהם, נור צום סוף איז ער גיפאלין איוף איין המצאה: ער האט איהם מיט דער לאפע פארזיכטיג צוא גיקייקילט ביז צום טייכיל, וואס איז גיוועזען ניט ווייט פון דארטין אונ האט איהם אריין גיווארפין אין וואססער.

דער שטאַבעל-שוויין האט זייער מורא פאר וואססער, קוים האט ער דאס וואססער דער פיהלט, האט ער באלד ארויס גישטעקט דיא קאפ אונ אנגעהייבין ווארפין מיט דיא פיסלאך. מעהר האט דער פוקס ניט גיוואלט: אין דער זעלבער סעקונד איז דער יאָזשיק גיוועזן בייא איהם אין דיא צאהן. איין אנדער פוקס האט זיך בעגאנגען מיט אזא יאזשעק איינפאַבער; ער האט איהם אפ גיגאסין מיט זיין אומריינקייט.

קונציג האפט דער פוקס פייגיל! ער מאכט זיך מכלמרשט טויט אונ ליגט ניט ריהרענדיג זיך מיט איין אבר אויסגיצייגין אויף איין ארט אזויא לאנג ביז אַ פייגעל פליהט צוא נאהענט צוא איהם אום אַ פיק צוא טאהן. נאטירליך אין דער אייגענע רגע ווערט דער פוקס לעבעדיג, טהוט אַ שפרונג אונ חאפט אריין דעם פייגעל אין מויל אריין. נישט ווייניגער קונציג מאכט ער זיך אַ גאנג-וועגעלע אין שטאל אריין אדער צוא שטייגין מיט עופות. מען שטעלט אפילו פאללען (קאפקאנעס), כדי פטור ווערין פון זיינע אפטע וויזיטין, נור עס העלפט ניט. דער פוקס וויים שוין וויא אזויא זיך צוא בעגעהן מיט דיא פאלל. אַ פוקס, פאר וועלכען מען האט אויפ-גישטעלט אַ פאלל מיט לאקונג שפייזע, פלעגט יעדער מאהל אויפעססען, וואס מען האט איהם אנגעגרייט אונ זיך זעצען לעבען דער פאלל אונ מיט פערגעניגין דרעהען מיטין ווידיל, ער פלעגט שוין געפינען אַ מיטעל וויא ארויסצושלעפען פון פאסטקע דיא שפייז אונ איז קיין איינציג מאל אין דער פאלל נישט אריין.

איין מאל האט זיך גימאכט, אז אַ קאטץ האט זיך פערגלוסט פערזוכען דיא נאשעריי, וואס מען האט אויפגישטעלט פארין פוקס אונ איז אריין אין

דיא

דיא פאסטקע . דיא פאסטקע האט זיך גלייך פֿערהאקט אונ דיא קאטץ איז גיבליבען איינעוויינינ .

אז דער פֿוקס איז דערנאך גיקומען אונ האט דער זעהען דיא קאטץ אין דער פאסטקע האט ער זיך אַ דרעה גיטאהן מיטין ווידיל פֿאר שמחה אונ האט, וויא ער טהוט אלע מאל, ארויס גינומען אי דיא קאטץ אי דעם גוטין ביססען אונ איפֿגיצעהרט .

איין אלטער וואלד-היטער (ליעשניטשי) האט צוגעריכֿט צום גוטען ביסען איין אנגעלאדענען ביקס מיט דער לאך צום אָרט וואו דער גוטער ביסען איז גילעגען . פֿון שלאס פֿון דעם ביקס, איז גיגאנגען אַ שטריקיל ביז צום ביססען כדי ביים ערשטען שלעפּ זאל דער ביקס אויס שיסין אונ טרעפֿין ; עס איז פֿילל מאל בייא פערשידענע טהירען גערא‌טין : זייא האבין ביים צוא שלעפען דעם עססען אליין זיך דערשאסין ; איינער אַ פֿוקס איז אויך אזויא דער נאך אַריין גיפֿאללין, נור דיא אַנדערע, זעהט אויס זיינען דער פֿון געוואהר געווארין אונ איינער איז גיפֿאלין אויף אזא המצאה : ער האט זיך אונטער גיגראבין אונטערין שנעע און פֿון אונטען ארויס געשלעפּט דעם עססען . דער ביקס האט אויס גישאססין, נור דעם פֿוקס נישט גיטראפֿין .

איין אנדער פֿוקס איז גיפֿאלין נאך אויף אַ בעסערין שכל ; ער האט פשוט פֿריהער איבער געביסען דעם שנירעל .

איינער האט גיזעהען אז צוויי פֿוקסין האבין גיוואלט האפין איין האז . איין פֿוקס האט זיך בעהאלטין אונטער אַ שטיין אינ דער אנדערער האט גינומען יאגין דעם האז צום שטיין .

וויא נור דער האז איז גיקומען צום שטיין האט זיך דער בעהאלטענער פֿוקס אַ ווארף געטאהן אויף איהם, נור דער האז האט זיך אַ דרעהגיטאהן אָן אַ זייט אונ גימאכֿט אַ פלטה .

דער פֿוקס איז געבליבין וויא איין אָפּ געשמיסענער, אז דער אנפֿירער איז צוגיקומען אונ דער זעהען דעם ביטערין סוף האט ער זיך צוא בייזערט אונ אָן גיהייבין שלאגין זיין חבר, וואס האט ארויס גילאזין דעם האז פֿון זיין לאפע . יענער האט ניט גישוויגין אונ זייא האבין זיך אזויא לאנג גישלאגין ביז מען האט צייט גיהאטביידען צוא שיססין .

---

## מארדער אונ טחוירען .

עס איז דא אויף דער וועלט אזוינע קליינינקע ווילדע חיה-לאך וואס אין פֿרעססין, דרייסטיגקייט געשיקטקייט אונ שכל שטעהען זייא ניט אפּ פֿון גרויסע היות .

דער

דער מאַרדער, צום בייששפיל, איז ניט קיין גרויסע חיה, ער איז אין גאנצין לאנג עלף ווערשאק.

אין סיביר איז נאך דא זייער אַ סך מארדער, האטש יעדעס יאהר ווערען פילע פון זייא גיטייטעט צוא ליעב דיא פעללכלאך.

דיא איינוואהנער פון סיביר דערצעהלין, וויא אזויא דער מארדער געפינט זיך זיין אויסקומען. ער געהט ארויס בייא דער נאכט זוכין זיך עססען. ער קלעטערט געשווינד אונ קונציג אויף בוימער, לויפט אויף דר'ערד אונ האפט אלץ וואס עס מאכט זיך: פייגעל, מייז, האזין.

דער מארדער קאן שווימען אויך. ער ווארפט זיך אריין אין טייך אונ פאנגט דיא וואססער-מייז. ער צוא שארט אונ צוא ווארפט נעסטין אונ בינשטאקין; ער עסט קירשען, בערנעס אונ אנדערע פרוכטין אויך.

ער איז זייער פלינק אונ פאלט אָן אויף דעם האַמסטער אויך, ווייל דאס פלייש פון האַמסטער שמעקט איהם זייער גוט.

וועגין דיא טהירען דערצעהלט מען, אז זייא זיינען אזויא דרייסט וויא דיא מארדער.

אין אפריקא פאנגט מען טהירען, אונ מען לערינט זייא אויס, וויא בייא אונז דיא הינד, צוא געהן אויף געיאָג. זייא לערנען זיך אויס ארויס טרייבין דיא פוקסין פון זייערע נארעס. דער טהיר וויא קליין ער איז האט ער גאר קיין מורא ניט אנצופאללין אויף אַ פוקס.

מען דערצעהלט, אז ער פאלט אָהן אַ מאהל איף אַ מענש אויך.

אין אַ דייטשישער קאלאניע האט זיך גימאכט אזא מעשה....

צווייא יונגע קינדער האבין דארט אונטערין דארף אויפין וועג זיך געשפילט. איין קינד איז אלט געוועזען אַ יאהר 6 אונ דאס אנדערע 2 יאהר. פריהער האט דער עלטערער ברודעריל געהאלטין דעם קלענערין אויף דיא הענד אונ האט זיך געשפילט, דער נאך, אז דאס איז איהם מיאוס גיווארין האט ער איהם אַ נידער גיליינגט אויף דער ערד לעבין קאנאל וואס איז ניזוועהן גינראבין ביים זייט אונ איז אליין אוועק גילאפין אן אַ זייט קלייבין יאגדעס. וויא ער האט זיך נאר אבגעקעהרט, זיינען ארויס פון גראבען (קאנאל) דרייא טהירין אונ האבין זיך אַ ווארף גיטאהן אויף דעם קליינעם קינד, איינער האט זיך איינגיטשעפעט איהם אין קאפ, דער אנדערער האט זיך פון אַ זייט אויף איהם ארויפגיווארפין אונ דער דריטער איז איהם ארויפגעקראכין אויפין פנימ'ל אונ זיך גישטעלט מיט דיא פיסלאך אויפין שטערין. דאס קליין קינד האט אָן גיהייבין שרעקליך צוא שרייען, איז צוא גילאפין דאס עלטערער ברודעריל, וועלכער האט דער הערט דעם גישריי, אונ גיוואלט אוועקטרייבין דיא דרייא טהירליך, נאר אין אַ רגע ארום זיינען ארויס פון גראבין נאך עטליכע טהירלעך אונ געוואלט זיך נעמען צום עלטערין.

איין

אויף דיא קינדערס גליק זיינען אנגילאפֿין פֿון פֿעלר צוויי פויערים, וואס האבין פֿון וויטין דער הערט דעם גישרייא. זייא האבין אפאר טהוירליך דער הרגעט אונ דיא איבעריגע זיינען זיך צוא לאפֿין.

אזא מין מעשה האט זיך גיטראפֿין אין ריגא אויך. אַ טהויר איז דורך גיקראָבין דורך אַ לאך אין פאדלאגע פֿון שטוב, וואו עס איז גישלאפֿין אַ קליין קינד אין אַ וויגעלע. דער טהויר האט איהם דער ווארגין אונ אָן גיהייבין צוא פֿרעססען.

אגדערע טהוירין זיינען אזויא בייז אונ דער צוא אזויא גנעשיקט אונ דרייסט אז זייא פֿאלין אָן אַ מאל אויף אַ עלטערין מענשין אויך, עס האט זיך גימאכט אז אַ טהויר איז אנגיפאלין אויף אַ פאסטוך, נאטירליך איז בייא גיקומען דער פאסטוך אונ דער קליינער טהויר האט פֿאר דיא הגזה מיטין לעבין בעצאהלט.

דער טהויר האפט מייז, קראטין, שצורעס, גייט ארום ברעג טייך אונ האפט פֿיש אַ מאל גנבט ער זיך אריין אין אַ שטאהל פֿון הינער אויך. ער בעפֿאלט אויף דיא ערשטע היהן, דערוואָרגט זיא אינ טראגט זיא צוא זיך אין נארע אריין.

דער נאך קעהרט ער זיך אום אונ האפט נאך איינע. אזויא מאכט ער עס עטליכע מאל איבער אין דער נאכט. בייא זיך אין נארע האט ער אַ בעזונדערין שפייכלער, וואו ער בעהאלט אלע מיז, הינער, פֿרעש, אונ אייער וואס ער האפט צונויף.

---

## וועגען דעם שניי-וויזעל.

נאך קלענער פֿארין טהויר איז דער שניי-וויזיל; אבער אויף געיאָג איז ער מעהר דרייסטיג פֿאר איהם. ער לעבט אין אויסגעהיילטע בוימער, צווישין שטיינער אדער גאר ערגעץ אין אַ גרוב. ווינטער בעהאלט ער זיך ערגעץ אין אַ שטאהל, אין אַ שפייכלער, אַ קאממער אדער אין אַ קעלער. דער שניי-וויזעל האט אמאל דיא הגזה אונ האפט זיך אין שטאט אריין אויך.

ער בעפֿאהלט אללע חיה-לעך וואס עס מאכט זיך איהם נור. ער פֿערקלייבט זיך אין דיא נארעס פון דיא קראטין אונ וואָרגט זייא דארטין, יאגט זיך נאך דיא מייז אונ נאך דיא שצורעס, שפרינגט אין וואססער אריין אונ האפט פֿיש, קלעטערט אויף דיאביימער אונ האפט פֿייגעל. ער האט אפילו קיין מורא ניט פֿאר אזא גרויסין פֿייגיל, וויא דער פֿילין.

איינער דערצאָהלט, אז ער האט אַ מאהל גיזעהען וויא אזויא אין

אַ פֿילין האט פֿליהענדיג איבערין פֿעלד אויף דער ערד בעמערקט אַ שניי־ווייזעל. ער האט זיך אראפּ גילאזט אויף דער ערד, אַ חאפּ גיטאהן דיא היה־לע צווישין דיא פֿיס און אנגיהייבין פֿליען מיט איהר צוא זיך אין נעסט אריין. דער מענש האט זיך צוגיקוקט וואס וועט זיין ווייטער.

אין אַ רגע ארום האט ער דערזעהען, אז דער פֿילין פֿליהט אַליין שוואַבער און שוואַבער, ער האט זיך אנגיהייבין דרעהען, הוידין, ווארפֿין זיך אין דער לופֿטין אזויא לאַנג, ביז ער איז אין גאנצין אראפּ גיפֿאללין אויף דער ערד. דער מענש האט ניט פֿערשטאנען וואס דאס בעדייט. ער איז צוא גילאַפֿין צוא דעם ארט, וואו דיא פֿייגיל איז אראפּ גיפֿאללין און האט דערזעהען, אז דער פֿילין ליגט טויט: דער שניי־ווייזעל האט איהם פֿליהענדיג אין דער לופֿטין צוביסין אַפּוס און האט איהם דורך גיביסין עטליכע אדערין, דער פֿילין איז אבגעפֿלייצט געווארען מיט בלוט און דיא שניי־ווייזעל איז געבליבין לעבעדיג.

דיא קראהען זיינען גרויסע בעלנים אויף דיא שניי־ווייזלען און האבין אפּטער אַ מיאוסין פסק דער פֿון; עס טרעפֿט אז אַ שניי־ווייזעל פֿאלט אָן אויף אַ מענשען אויך, נור ער בעצאהלט פֿאר דיא העַזע מיטין לעבין. נור זייער ליב האט ער צוא שפּילען זיך מיט אַ פֿערד און פֿערמאטערין איהם אויף טוידט, ביינאכט גייט ער אַ מאל ארויס פֿון זיין נארע, חאפּט זיך ארויף אויף אַ פֿערד, און נעמט איהם דראפּען, קיצלען און ארומלייפֿין אויף איהם, דער פֿערד הייבט זיך אָן ווארפֿין, און קאן זיך גאר קיין ארט ניט געפֿינען, און דער שניי־ווייזעל טהוט זיך זיינס, דאס פֿערד ווארפֿט זיך אין אללע זייטין גלייך וויא עס איז איהם דיא שרעקליכסטע חיה בעפֿאלין! מיט דער צייט ווערט ער מיד, הייבט אָן שוויצין און בעדעקט זיך מיט אַ שאם פֿון שוויים און דער קליינער שניי־ווייזעל לייפֿט אלץ ארום און קיטצעלט און מאטערט דאס פֿערד. אז מען קומט אין שטאל אריין פֿערשטעהט מען גאר ניט, וואס מיט דעם פֿערד איז גישעהען, פֿיעלע בעלי־בתים ווייסען גאר ניט פֿון דער שניי־ווייזעל און עס פֿאלט זייא גאר ניט איין אז אזא מין חיהלע לעבט בייא זייא אין שטאל. קיינער איז אין שטאהל ניט גיוועזען און דאס פֿערד איז דאך פֿערמאטערט און דיא גריווע איז בייא איהם צופלאנטערט. ניט ווייסענדיג דיא אורזאַבע דערפֿון רעכֿענען זייא אז ניט אנדערש אז אַ ניט גוטער, אַ שדהאט זיך צוא זייא פֿערקליבין....

---

## וויא אזויא ווידרעס און ווייסע בערין חאפּין פיש.

עס איז דא אזוינע חיות פֿון וועלכע עס ליידין זעהער דיא פֿיש. אין סיביר, אויך בייא אונז אין רוססלאנד לעבט אַ קליין חיה — דיא זאסכער ווידרע זיא

זיא האלט אין דער לאַנג עפעס מעהרר פֿון איין ארשין, לעבט לעבט-וואסער אונ האט דיא פרנסה אויך פֿון וואססער.

זיא שווימט אונ טוקעט זיך אונטער אין וואססער אזויא פֿלינק אז זיא קאן דעריאגין אונ חאפין פֿיש.

ניכֿט לייכט קוממט אַן דיא פֿיש אוים צוא דרעהען זיך פֿון זייער פֿיינד. זייער גאנץ גליק איז וואס דיא ווידרע אטהעמט ניט אין וואססער אונ קאן דעריבער לאנג ניט אויסהאלטין אָהן לופֿט. זיא מוז אללע מאהל ארויף שווימען אונ אבחאפין דעם אטהעם. דיא ווידרע שווימט ווינטער אויך אונטער דעם וואססער.

זיא זוכט זיך שוין אפּ אַ שפאלט אין אייז פֿון פֿערפֿרארענער טייך אונ לאזט זיך אראפּ אונ זוכט, אום אָן צוא בייסין גאר אָן שרעק פֿאר'ן קאלטין וואססער.

דיא ווידרע יאגט גיוועגליך צוא דעם פֿיש, וואס זיא וויל פֿאנגען נאָהענטער צום ברעג, וואו עס איז איהר לייכטער אלע מאל אויפֿצוּ-שפרינגען אונ צוא חאפין אטהעם. צוא דער רעכטער צייט לאזט זיך דיא ווידרע אראפּ אונטערין פֿיש אונ האפּט איהם אָןביים בויך.

עס מאכֿט זיך אז נאך אַ גרעססערין פֿיש, וויא נאך אַ לאקס, יאגין זיך 2 ווידרעס מיט אַ מאהל. איינע שווימט אונטער דעם לאקס אונ דיא אנדערע פֿון אויבין. זייא יאגין איהם אזויא לאנג ביז דער פיש ווערט מיד אונ בלייט אָן קרעפֿטין.

בייא טייכען וואס זיינען רייך אין פֿיש, ווערט דיא ווידרע אַ גאנצע מיוחסת אונ נעהמט נור גוטע ביססין אין מויל אריין. איבערין טאג האפּט זיא אָן זייער פֿיעל פֿיש, נאר פֿון יעדען גריזעט זיא אפּ צוא קליינע פיצלעך, וואס שמעקען איהר אַם בעסטען אונ ווארפֿט דיא רעשטע אוועק.

אין ענגלאנד אונ אין רוסלאנד איז דא אַ סך אזוינע טייכין וואו בויערין טארין ניט חאפין קיין פֿיש, ווייל דיא טייכין גיהערען צוא דיא פריצים נור דיא פירצים קאנען דאס ניט פֿאר וועהרען דיא ווידרעס. אונ דיא בויערין זיינען דארט פֿון דיא ווידרעס צוא פֿרידין. יעדער טאג גאנץ פריה, וויא עס הויבט נור אָן טאגין געהען דיא בויערין ארוים צום טייך צונויפֿקלייבין דיא אבגעגריזשיטע פיש.

איהר זעהט אז בייא געוויססע בעדינגונג קאן אַ ווידרע אויך נוצליך זיין.

נאר שאדען האט מען פֿון זייא מעהר. זייא טוידטין מאססין פֿיש, זייא האפין פייגלאך, צוא ווארפֿין אונ מאכין אַ תל פֿון זייערע נעסטין אונ טרינקען אוים דיא פֿריש-געלייגטע אייער. אין איין ארט האט אַ ווידרע אויפֿגיגעסען טאג-טעגליך עטליכֿע ענטען (קאטשקעס), אַ מאל 6—7

אַ טאג. זיא פֿלעגט דאס מאַכֿען אזויא קונציג אז אַ לאנגע צייט האט מען גאר ניט געוואוסט וואס פֿאר אַ טהיר פֿרעסט זייא אפּ דיא קעפּלאך.

דער ווייסער בער איז אויך אַ מאסטער פֿיש צוא האפּין. דיא ווייסע בערין לעבען אַין דיא קאלטע לענדער. מען בעגעגענט זייא אפֿט לעבען דעם אייז מעער (ים הקרח) מען בעגעגענט זייא לעבין ברעג אויף שטיקער אייז אויף וועלכע זייא לאזין זיך שווימען איבער'ן ים. פאר וואססער האט דער ווייסער בער קיין מורא ניט. דיא וואס פֿאהרין אויפֿין ים דערצאָהלין אז זייא האבין גיזעהען ווייסע בערין שווימען אויפ'ן אייז עטליכע הונדערט ווערסט פון ברעג. דיא בערין האבין קיין מורא ניט פֿארין אריין פאלין אין וואססער, ווייל זייא שווימען ניט ערגער פֿון דער ווידרע. זייא שווימען זייער געשווינד.

איין ענגלענדער האט גיזעהען אַ ווייסין בער אויפֿין ים וואס איז איינגישוואומען 5 ווערסט אין אַ שטונדע.

פֿארין קאלטער וואסער האט ער אויך קיין מורא ניט, ווייל ער האט אונטער דער פֿעל זעהער אַ סך שמאלץ, וואס לאזט ניט צוא צוא איהם דיא קעלט, אונ ער ווערד קיין מאהל ניט פער פֿרארין.

דער ווייסער בער קען זיך זעהער לאנג האלטין אונטערין וואססער.

ער שווימט אפּ אַ פאר 100 ווערסט אונ מען זעהט נור דעם קאפּף ארויס פֿון וואססער. ער שווימט ניט נור אויפֿין וואססער, נאר אונטערין וואססער אויך.

ער שפרינגט זייער קונציג אונ חאפּט אונטער דעם וואססער פֿיש.

דיא וואס פֿאהרין אויפֿין ים דער צאהלין אז זייא האבין גיזען וויא דיא בערין האבין ארויס גישלעפּט גרויסע לאקסין פֿון טייך.

דיא ווייסע בערין יאגין זיך קונציג נאך דיא ים-הינד אויך.

דיא ים-הינד לעבען מעהר אין וואססער, אונ גייען ארויס אויפֿין ברעג נים אויף לאנג. ווינטער גייען זייא ארויס דורך אַ לאך אין אייז אונ לייגין זיך אויפֿין אייז. קוים בעמערקין זייא גיפֿאהר, שפרינגען זייא צוריק אין וואססער אריין.

נור דער ווייסער בער אז ער דער זעהט זייא אויפֿין אייז זוכט ער זיך אוים אַ לאך אין אייז, לאזט זיך אין וואססער אריין אונ שווימט אונטערין אייז צוא דעם שפאלט פֿון וואנען דיא ים-הינד זיינען ארויס. ער שפרינגט דארט ארויס אויפֿין אייז אונ בעפֿאלט דעם ים-הונד, וואס האט שוין נים וואו אהין צוא ענטלויפֿין.

## וועגען דיא פלעדער-מייז!

אללע האבין גיזעהען, אדער גיהערט, וועגען דיא פלעדער-מייז. אויף דער נאכט פליהען זייא ארום שטיל לעבען וואסער און חאפין מאי-קעפער און דאס גלייכין. עס זיינען פאראן מענשען, וואס האבין פאר פלעדער-מייז מורא. אומזיסט האבין זייא מורא פאר זייא. דיא פלעדער-מייז ברייגנען אונז גרויסע נוטצין, ווארום זייא פרעסען אויף און מאכין א תל פון אללע שעדליכע מאי-קעפער און קאמארעס. זייא פטרין פון זייא גאר א סך.

א גרויסע פלעדער-מויז זיא זאל זיך אָנעססען צוא זאט מוז זיא אויפעססען 12 מאי-קעפער, און א קליינע פלעדער-מויז — 60 פליגין, קאנט איהר פערשטעהען וויפיל פליגין און מאי-קעפער עס עססען אויף דיא פלעדער-מייז איבערין זאממער.

נור אין דיא הייסע לענדער וויא אין זיד-אמעריקא גיפינען זיך פלעדער-מייז וואס זייגין בלוט בייא מענשין. זייא רופט מען וואמפירין. זייא שלייכין זיך צוא שלאפעדיגע הינער און בייסין זייא אין דעם קאם און זייגין פון זייא אויס דאס בלוט. אט אזויא בייסין זייא אויך פערד, אייזיל, קיה און זייגין אויס דאס בלוט. פאלען אָן אויף מענשען אויך וואס שלאפען אויפין פעלד, דער מענש פיהלט גאר ניט בעת מעשה, ווען עס בייסט איהם דער וואמפיר. דיא וואונדין און דיא סמנים פון זיין ביס זיינען זייער קליין, נאך קלענער פון דער וואונד וואס א פיאווקע מאכט, איינער דערצאהלט אז א פלעדער-מויז האט איהם א מאהל א ביסס גיטאהן און האט אויס-גיטרונקען פון איהם בלוט העכער א טהע-גלאז. אין דער שטוב וואו ער האט זיך שלאפין גילייגט איז ארייגגיפלייגין א וואמפיר. צום ערשטין איז ער שטיל ארום גיפלייגין איבער'ן צימער, הין און צוריק זיך אויסגעדרעהט און דער נאך האט ער אנגיהייבין ארום פליהען ארום מענש. דער מענש האט זיך גימאכט ניט וויסענדיג, פערמאכט דיא אויגין גלייך וויא ער שלאפט, ער האט גיוואלט וויסין וואס וועט זיין ווייטער:

דער וואמפיר האט זיך א ביסיל ארום גידרעהעט ארום איהם, דערנאך איז ער צוא גיפלייגין נאָהענטער, און א מאך גיטאהן מיט דיא פליגיל אָן א שום רעש. דער נאך האט ער זיך אראפ גילאזט און גיזעצט זיך אויפין הארץ. דער מענש דערצאהלט אז ער האט געפיהלט ווען דער וואמפיר האט זיך גיזעצט בייא איהם אויפין הארצין, נור ער האט ניט געפיהלט ווען אזויא ער האט איהם דורך גיביסכען דיא הויט און אָן גיהייבין טרינקען זיין בלוט. פריהער האט איהם גאר נישט וועה גיטאהן, נור אין עטליכע מינוט ארום האט ער דער פיהלט, אז עפעס בייסט איהם און

שטעכט

שטעכט איהם וויא אַ פיאווקע. דעמאלט האט ער גיחאפט דעם וואמפיר און האט איהם גיטיידט.

נור דיא וואמפירין געפינען זיך ניט אין אונזערע קאנטין און דיא פלעדער-מייז וואס מיר האבין דא, זיינען זייער נוצליך פאר אונז, און אנשטאט צו טיידטען דארף מען זייא בעססער היטין און שיטצען, זייא זאלין אונז העלפין גענען דיא בייסענדע פליגין.

## דער פילין און דיא קראה.

דיא פייגיל קומט אויך ניט אָן גרינג דיא פרנסה. עס קאסט זייא אויך גינוג מיה און גיזונד, פערשטאנד און ליסט.

עס איז פאראן אַ סך מינים פייגעל, וואס עססען נאר פלייש, און צווישין דיא איז פאראן אזוינע וואס האבין קיין מורא אנצופאלין אפילו אויף אַ גרויסע חיה. למשל דער פילין חאטש ער איז ניט קיין גרויסער (ער האלט מער נים ווי 13 ווערשקעס אין דער לאַנג) פון דעסט וועגין איז ער אזוי פורכטלאז און דרייסטיג, אז ער האט קיין מורא ניט אנצופאלין אפילו אויפין פוקס.

דער פילין געהט ארויס זוכין עססען נור ביי דער נאכט, ווייל ביי טאג זעהט ער גאר ניט. ביי טאג זיצט ער ערגעץ איבער, אין אַ לאך פון אַ בוים און אויב עס מאכט זיך אז מען טרייבט איהם ארויס פון דארט אויף דער ליכטינער שיין קומט איהם אויס גאר שלעכט. עס בעפאלען איהם פון אללע זייטין אפילו דיא קראהען און דער שלאגין איהם אויף טויטט.

אַ יאֶגער (ארהאטניק) האט גיזעהען וויא קראהען בעפאלין אַ פילין. עס איז גיוועזען נאטירליך ביי טאג. זייא האבין איהם ארום גינומען פון אַלע זייטין. דער פילין וואס איז ביי טאג בלינד און זעט ניט וויא אזוי זיך שיטצען האט זיך גילייגט אויפין רוקין און האט זיך געוועהרט מיטין שנאבעל און מיט דיא נאָגעל. דער יעגער האט אוועק גיעאגט דיא קראהן און איז צוא גיגאנגען צום פילין, ער איז גילעגין אזויא מיד און פערמאטערט אז מען האט איהם גיקאנט נעהמען מיט דיא הענד.

ביי נאכט אבער ווען דער פילין זעהט גוט איז גאנץ גיפערליך זיך מיט איהם אנצוהייבען. ער פאלט דעמאלט אן אויף אויער הענער, אויף ענטען, אויף האזין און נאך אויף אנדערע טהירע.

ער פרעססט אויך שלאנגען און פראָש. ביי נאכט רעכענט ער זיך שוין אפ מיט דיא קראהען. זייא קאנען זיך אין ערגעץ ניט בעהאלטין פון איהם. ער חאפט זייא אפילו אויף דיא דעכער פון דיא הייזער אין שטאדט,

אז

אז ער חאפט אַ טהיר אדער אַ פֿוייל שפאלט ער זיא פֿריהער מיטין שנאבעל דיא קאפּ; קליינע חיה-לעך שלינגט ער איין גאנצער הייט. אַ מאהל האט מען גיפֿונען אין אַ בויך פֿון אַ פֿילין אַ שטאכעל-שוויין.

דער פֿילין פֿאלט אָן אויף שאף אויך.

מען דערצעהלט למשל אז לעבין אַ פֿראנצייזישען דארף איז אַ פֿילין אנגיפֿאלין אויף אַ שאף, נור דעם מאהל האט דעם שלעכטען פסק גיהאט ניט דיא שאף, נור דער פֿילין: דיא שאף איז געלאפֿען איבערין וועג נאך דער סטאדע גלייך אין דארף אריין. דיא האר פֿון דיא שאף איז גיוועזן אזויא לאנג און געדיכט אז דער פֿילין האט ניט גיקאנט דער לאנגען צוא איהר לייב. ער האט זיך איינגיפלאנטערט מיט זיינע נעגיל און האט זיך ניט גיקאנט ארויס דרעהען צוריק. אויפֿהייבין דיא שאף אין דער לופֿטין און אוועקפֿליהען מיט איהר האט ער אויך ניט גיקאנט, אט אזויא האט איהם דיא שאף גיבראכט אין דאָרף אריין.

נור ניט שטענדיג איז דיא שאף אזויא גליקליך. עס מאכט זיך גאנץ אפֿט, אז דער פֿילין עסט אויף עטליכע ציעגעלעך און שעפֿעלעך.

דיא קראהען נעמען זיך צונייף עטליכע אין איינעם און חאפין פֿילינם ביים טאג וויא איך האב דער צעהלט. זייא יאגין זיך נאך דיא האזין און זייא זיינען זייער קלוג און געשיקט דער צוא.

מען דערצעהלט למשל וועגען זייא אזא מין איינפֿאל.

אַ הונד האט געגריזשעט אַ גרויסין ביין. צווייא קראהען האבין עס בעמערקט און האבין זיך אראפּ גילאזט אוועק צוא נעהמען דעם ביין ביים הונד. איינע פֿון זייא האט זיך גיזעצט לעבען הונד און האט זיך גינומען דרעהען, קארקען און האט גיזעהען מיט אללע מיגליכקייטין דער הונד זאל זיך פֿערגעססען אַ רגע אָן ביין, זיך פֿארקוקין אויף איהר. נור דער הונד האט זיך ניט גילאזט נארין. דעמאלט איז גיקומען דיא אנדערע קראהע צוא הילף. זיא איז אונטער גיפלייגין הינטער דעם הונד און האט איהם מיטין שנאבעל דערלאנגט איבערין רוקען. דער הונד האט זיך איבער גידרעהט און זיא גיוואלט חאפין נור זיא איז באלד נעלם גיווארין און צוא דער אייגענער צייט איז דיא ערשטע אויך אנטלאפֿען מיטין ביין צוא זאממען.

דיא קראהען פֿאלין אָן אויף יונגע שאֶפֿעלעך, הינדעלעך, גענזעלעך און ענטין (קאטשקעס) און מאכין אונז אָן גרויסע שאדין דער מיט, נור מיר האבין אבער פֿון זייא נוטצען אויך. זייא פֿרעססען אויף אַללע פגרים וואס וואלטין גיפֿוילט און פֿארדארבין דיא לופֿט; וויא אויך שנעקין, ווערעם, פֿליגין, קאֶפֿער און נאך אנדער שעדליכע פֿליגין. בכלל האבין מיר פֿון זייא מעהר נוטצין וויא שאדין.

אין אלטע ביכער איז פֿערשריבין אזא מין מעשה.

אַ פֿירשט האט ניט ליב גיהאט דיא קראהען. ער האט ניט גיקאנט ליידין זייער קארקערייא אונ האט זייא גיהאלטין פֿאר שעדליכֿע פֿייגיל, ער האט גירעכֿינט אז דיא קראהען פֿארוויסטין דיא פֿעלדער, פֿרעססען אויף דיא תבואה.

איין מאל האט ער ארויס גיגעבען אַ בעפֿעהל מען זאל איים הרגענען אלע קראהען אין זיין מדינה. מען האט גימוזט פֿאלגין, מען האט אויסגיהרגעט גאר מאססין קראהען, נור פֿון דעם איז קיין גוטעס ניט ארויס גיקומען. איבער אַ יאהר האט זיך אין לאנד בעוויזען גאר אַ שרעקליכע מאַנגע פֿליגין אויף דיא פֿעלדער אונ אויף דיא גערטנער. דער פֿירסט האט גימוזט ארויס געבין אַ נייעס בעפֿעהל: ער האט גיהייסין זיינע איינוואהנער אז זייא זאלין זעהען איינצופֿיהרען בייא זיך אַ סך קראהען.

---

## וויא אזויא דער אדלער בעשטעהט זיך זיין שטעדטיל.

דער אדלער איז זעהער אַ גיזונדער פֿייגיל. ער איז זייער שטארק פֿלינק אונ דרייסטיג. ניט אומזיסט האט מען איהם פֿארשריבין פֿאר אַ מלך אונטערין הימעל!

ער איז געשיקט אין פֿליהען, זעהט אונ הערט זעהר גוט פֿון וויטין; שטונדין וויים פֿליהעט ער ארום גאנץ הויך פֿון דער ערד, אונ קוקט אויס זיין ביסין, דרעהענדיג זיך אונ כמעט ניט בעוועגענד מיט דיא פֿליגעל. נאר קוים דער זעהט ער זיין רויב לאזט ער זיך אראפּ גאנץ שטיל אונ פאמעלעך נעהענטער צוא דער ערד אונ פלוצלונג ווארפֿט ער זיך אויף זיין רויב וויא אפֿייל פֿון בויגין. פֿון זיינע נעגיל קאן זיך קיין קליינע חיה ניט רעטטען. ער האט ליב יונגע ציגען, האזין, יונגע גענז, שעפֿעליך, פֿוקסין, קעטץ, טויל-ווירפֿע (קראטין), מייז, אלערליי פֿייגלין גרויסע אונ קליינע, היימישע אונ ווילדע. קיין איינציגע פֿון זייא פֿליהט ניט אדער לייפֿט ניט אזויא געשווינד, זיא זאל קאנען ענטרונען ווערין פֿון אדלערס אפעטיט.

דער אדלער פֿיהרט זיין געיאָג מיט גרויס עקשנות אונ ליסטיגקייט. גאנץ אָפֿט רייסט ער ארויס בייא דעם פֿאלקע (סאקאל) אונ ביים האביכֿט (יאסטרעב) דעם רויב פֿון מויל, וויטער עסט ער געפגרטע אויך. ער איז אזויא שטארק אונ געזונד אז ער קאן אויפֿהייבין אַ קינד אין דערלופֿטין אונ אוועק פֿליהען מיט איהם, אט אזא מעשה האט זיך גימאכֿט אויף דיא אלפען. אין אַ דארף וואס געפֿינט זיך אויף יענע בערג איז גיקומען צוא פֿליהען אַ אדלער, האט אַ חאפּ גיטאהן אַ קינד פֿון אַ פּאָר יאהר אונ איז מיט איהם אוועקגעפֿלויגען. דאס קינד האט

זעהער

זעהער הויך געשריען אונ דער פֿאטער האט דערהערט פֿון וויטען דאס געשריי.
ער האט זיך ארומגעקוקט אינ דערזעהען, וויא דער אדלער פֿליעהט אין לופֿטין מיט זיין קינד. דער אדלער איז געפֿלייגין לאגזאס; וויא עס האט אויסגעוויעזען, איז דאס קינד דאך גיוועזען פֿאר איהם אַ צוא שווערע משא. דער פֿאטער האט געהאפט אַ שטעקין אונ האט זיך געגוטען יאגין נאך דעם אדלער. ער איז געלאפֿען וויא אַ משוגענער, געשפרונגען איבער שטיינער אונ האט געוואלט דעם מערדער דעריאגען. ענדליך האט ער דערזעהען, וויא דער אדלער האט זיך אפּ געשטעלט אונ גענומען פיקען זיין קינד!.. מיט דיא לעצטע כוחות איז דער אונגליקליכער פֿאטער צוגעלאפֿען צום שטיין, וואו דער אדלער האט זיך אפגעשטעלט, אונ האט איהם גענומען טרייבין מיטין שטעקין. אבער ער האט זיך גענוג אנגימוטשעט, גענוג קרעפֿטען אוועק געלייגט, איידער עס איז איהם געלונגען דען שרעקליכען פֿייגיל אוועקצוטרייבין, דער פֿאטער איז ארויפֿגעפֿאלען אויף זיין קינד, אונ איז פֿון שרעק שיער ניט געשטארבען, ווייל ער האט בעמערקט, דאס דער אדלער האט שוין בייא דעם קינד דיא אויגען אויסגעפיקט, דאס קינד איז אין קורצען געשטארבען אונ דער אומגליקליכער פֿאטער האט אַ לאנגע צייט נאך דעם געלויערט דעם אדלער אום, זאיהם צוא שיססען. ענדליך האט ער איהם געפאקט אלעבעדיגען, מען האט איהם גיטוידט אונ געמאכט פֿון איהם אַ-טשוטשעלא (איין אנגעשטאפטעס טהיר), וואס געפֿינט זיך ביז היינט אין דער שווייץ אין דער שטאדט ווינטערטהיר.

---

## וועגען דעם לאממער—פרעססער

אויף דיא אלפען לעבט נאך אַ גרויסע רויבפֿייגיל, דער לאממער-פֿרעסער. ער איז הויך כמעט $1^1/_2$ ארשין, אונ איז נאך שטארקער פֿונ'ם אדלער.
דיא לאממער-פֿרעסער געפֿינען זיך אין אנדערע לענדער אויך, נור אין ערגעץ זיינען זייא ניט אזוי שעדליך וויא אויף דיא אלפען בערג.
דער לאממער-פֿרעסער איז אשרעקליכער פֿרעסער. זיין האלז איז אזוי ברייט אז ער קאן שלינגען גאנצערהייט דיא גרעסטע ביינער. בייא איין לאממער-פֿרעסער, צום ביישפיעל, האט מען געפֿונען אין מאגען 5 אָקסען ריפּען, וואס זיינען געוועזען 2 צאל גראב אונ פֿון 6 ביז 9 צאל לאנג, דער צוא נאך אַ בונד האר אונ אַ גאנצע פֿוס פֿון אַ יונגען באק.
בייא איין אנדערין לאממער-פֿרעססער האט מען געפֿונען אין מאגין אַ גאנצין וויידיל פֿון אַ פֿוקס.
דער לאממער-פֿרעססער, גלייך וויא דער אדלער, הויבט זיך פֿריהער

אויף גאנץ הויך אין דיא לופט אינ פון דארטין קוקט ער אוים פיר זיך איין רויב.

ער עסט סיי גרויסע סיי קליינע חיה-לעך. אום צוא חאפין גרויסע חיות ברויכט דער לאממער-פרעסער אַ בעזאנדערען מיטטעל.

וויא ער בעמערקט ערגעץ אויף אַ הויכען בארג אַ ציעג אדער אַ שעפס הייבט ער זייא אן צוא שרעקען, ער פליהט ארום זייא ארום, פאטש מיט דיא פליגיל אונ טרייבט זייא אזוי ביסלאכוויז צוא צום ברעג פון בארג; קאם קומט דיא ציעג צום בארג, ווארפט ער זיך אויף איהר ארויף מיט אַ שרעקליכין געפילדער, דיא ציעג פאלט אראב אונ ווערד געהרגעט. דאן לאזט זיך צוא איהר אראפ דער לאַממער-פרעסער אונ פרעסט איהר אויף.

איין לאממער-פרעסער האט געוואלט מאכען דעם זעלבען קונץ מיט איין ווילדען אקס. ער איז עטליכע מאל ארויפגעפלויגען אויפין אקס, אבער ער אקס איז גיט געוועזען פון דיא שרעקעדיגע. ער האט אראפגעלאזען דעם קאפ, זיך איינגעשפארט מיט דיא פים אונ איז זיך אזוי לאנג רוהיג געשטאנען אויף איין ארט, ביז דער לאממער-פרעסער האט געזעהען, אז ער וועט דא גאר נישט מאכין אונ איז אוועק גיפלייגין.

איין מאל האט אַ לאממער-פרעסער געוואלט חאפין אַ פוקס. ער האט איהם אנגענומען אונ זיך אויפגיהייבין מיט איהם אין דער לופט. אבער דער פוקס האט איהם איינגעביססען אין האלז, אונ דער לאממער-פרעססער איז אראב געפאלען אויף דר'ערד אַ טוידטער.

דיא לאממער-פרעססער פאללען אַ מאל אָן אויף אַ מענשען. עס מאכט זיך גאנץ אפט, אז דער לאממער-פרעססער בעפאלט אויף יאֶגער אונ שטעלט זיך אונטער זייא אראב צוא ווארפען פון בארג. אויף דיא אלפען האבין זיך אזוינע זאכין גיטראפין וויעפיעל מאל.

אַ אינגעל, אַ פאסטוך איז גיזעסן אויפין ברעג בארג אונ אבטונג געגעבען אויף דיא ציגען, וואס האבין זיך דער בייא געפיטערט. פלוצלונג האט זיך בעוויזין אַ לאֶממער-פרעססער וואס האט אנגיהייבין צוא מאכין זיינע קונצין, פליהען ארום דעם פאסטוך אונ פאטשען מיט דיא פליגעל.

דיא איבעריגע פאסטוכער האבין עס פון וויטין בעמערקט את זיינען צוגעלאפין רעטטען זייער חבר. זייא זיינען אבער צוא שפעט גיקומען, דער לאממער-פרעססער האט איהם שוין אוספייעט אראב צושטויסען פון הויכען בארג, אונ דער יונגער פאסטוך איז שוין אונטען גילעגין טויט.

אין אַ דארף אין דער שווייץ האט זיך פאסירט אזא מין געשיכטע.

אַ פויער מיט זיין ווייב זיינען גיגאנגען שניידען זייערע הייא, וואס האט גיוואקסין אויפין בארג, אונ האבין מיטגענוממען מיט זיך אַ קליין קינד פון אַ יאהר דריי, דאס קינד האבין זייא אַ נידערגעזעצט אָן אַ זייט אויפין גראז את. ער איז באלד אנשלאפין געווארין. זייא האבין איהם צוגערעקט

דעם

דעם פנים מיט אַ שטרויענע הוט אונ אוועקגעגאנגען ארבייטין. אין אַ קורצע צייט ארום האט זיך דער פֿאטער אומגיקערט צוא זעהען וואס דאס קינד טהוט. ער זעהט אבער — דאס קינד איז ניטא. ער האט אנגיהייבן זוכין אין אללע זייטין, נאר אומזיסט — זיין קינד איז ניטא, ער איז געלאָפֿין צוא זיין ווייב, דערצאהלט איהר דיא מעשה אונ האביןביידע אנגיהייבין זוכין דאס קינד. אבער זייא ביידע האבין אויך ניט גיפֿונען. דיא אומגליקליכע עלטערין האבין זיך שוין גאר מיאש געווען פֿון קינד, זייא האבין זיך גיזעצט אויף דער ערד אונ ביטטער גיוויינט. אין דער זעלבער צייט, בייא אַ האלבע ווערסט פֿון יענעם ארט, איז גיגאנגען אויפֿין בארג דורך אַ ווייסטע שמאלע כטעשקעלע זייער ארבייטער מיכאל. דער ארט איז געווען זייער א ווייסטער קיין מוטער מענש פֿלעגט דארט קיין מאל ניט זיין. פלוצלינג האט ער דער הערט אַ געשרייא אונ אַ געוויין פֿון אַ קינד. מיכאל איז צוגעלאָפֿין צום ארט פֿון וואנען עס איז געגאנגען דאס געשריי אונ האט באלד דערזעהען ניט ווייט פֿליהענדיג אונ זיך דרעהענדיג אין דער לופֿט אַ לאֶממער-פֿרעססער. ער איז שנעלל צוגעגאנגען צום בערגעל, פֿון וואנען דער לאֶממער-פֿרעססער האט זיך אויפֿגעהייבין, אונ דא האט ער מיט גרויס וואונדער בעמערקט זיין בעל-הבית׳ס קינד, וואס איז געלעגען אויפֿין סאמע ברעג פֿון בארג. עס האט נור געפֿעהלט דאס קינד זאל טהאן איין ריהר, אונ עס וואלט כהרף עין ארא‍בגעפֿאלען אונ עס וואלט פֿון זיינע ביינדעלאך אַ זכר ניט געבליבען!

צום גליק איז דאס קינד געבליבען לעבען אונ געזונד. דער פֿייגעל האט איהם נאר געקאלעטשעט דיא לינקע האנד פֿאר וועלכע ער האט איהם געהאפט מיט זיינע נעגעל.

דיעזער צופֿאלל האט געמאכט אויף דיא איינוואהנער פֿון דעם דארף אזא איינדרוק, אז דער פאסטאר האט איהם פֿארשריבען אין דיא קירכען ביכער.

דיא לאממער-פֿרעססער, וויא נאך פֿיעל אנדערע רויב פֿייגעל, ברענגען ניט נאר שאדען אויף דער וועלט, אבער מען האט פֿון זייא אַ נוטץ אויך.

זייא פֿרעססען אויף דיא געפֿאלענע טה׳רע (וואס ליגען בלייבענדיג וואלטין זייא גיפֿוילט אונ פֿערפעסט דיא לופֿט).

---

## אנדערע פויגיל.

עס זיינען פֿערהאנדען פֿיעל פֿייגיל, וואס שפייזין זיך נור מיט מאי-קאֶפֿער, פֿליגין, שמעטערלינגע אונ אנדערע אינזעקטען.

דיא

דיא גרעסטע שונאים האבין דיא אינזעקטין אין דיא פֿעלד-קראהעס, וואס עסען זייא אויף גאר אהן אשיעור. אויפֿין צוא אקערטין פֿעלד גייען דיא פֿעלד-קראהעס נאך דעם שניט פֿון דער סאחע אונ זוכין אויס דיא רויפען פֿון דיא מאי-קעפער אונ רייניגין אים פֿין זייא דאס פֿעלד.

מיט 50 יאהר צוריק האבין דיא איינוואהנער פֿון אַ פראוינצע אין נארד אמעריקא זיך גינומען צוא פֿערטיליגין דיא פֿעלד-קראהען. זייא האבין געשטעלט אַ פרייז פאר יעדע גישאסענע קראהע, אונ עס האט זייא כאסטין געלד גיקאסט צוא פֿארקלענערין זייער צאהל. נור איבער אַ יאהר זיינען דיזעלבע איינוואהנער גרייט גיוועזן צוא צאלין דאס דאפעלטע, מען זאל דיא קראהעס פֿארמעהרין. זייא האבין זיך ארום גיקוקט, אז דיא פליגין אונ מאי-קעפער, וואס מאכין גרויסע שאדין אָן אין פֿעלד, האבין זיך אהן דיא קראהעס שרעקליך געמעהרט.

דער שטאַאר (כקווארעץ) ברייננגט אויך אַ סך נוטצין. אין איין ארט האט מען פֿערטיליגט דיא שטאארן אונ עס האבין זיך באלד בעוויזען גאנצע פאלקען מאי-קעפער, וואס האבין פֿערניכטעט אללע לאנקעס, אז מען האט גימוזט קויפֿען אונ ברייננגען פֿון אנדערש וואו הייא אויפֿין ווינטער.

דיא אמעריקאנער פֿיהרין זיך בכיון איין פֿערשיעדענע פֿייגיל געגען דיא אינזעקטין. אין דיא הייזער האלטין זייא אַ געל פֿויגעל, דאס גאלד-דראזדיל, וואס האפט דיא פֿליגין, וואס דאקוטשין דארט זייער. עס איז שווער זיך אַ בעגריף צוא מאכין, וויא גרויס דער נוץ איז וואס מיר האבין פֿון דיא פֿייגעל, דורך דעם וואס זייא פֿערניכטען דיא אינזעקטין. זייא ראטעווען דער מיטט דיא פֿעלדער, דיא גערטענער, דיא וועלדער, דיא וויינ-גערטנער, אונ דיא לאנקעס. אין זיד (דרום) רוססלאנד ליידין דיא פֿעלדער זייער פֿיעל פֿון דעם היישעריק אונ אנדערע שעדליכע אינזעקטין, דאס גליק איז דאס צוגלייך מיט דיעזע אינזעקטין קלייבין זיך איממער צוא זאממען אפֿולע פֿויגעל, וואס פֿרעססען זייא אויף. מעהר וויא אללע פֿרעססען דיא דראזדען דיא היישעריקען; וויא עס פֿאלט אָן אַ היישעריק, בעווייזט זיך שוין דער דראזד אונ מאכט פֿון איהר אסוף.

דער שפערלינג (וואָראָביי) ברייננגט אויך ניט ווייניג נוצען, ער פֿער-ניכטעט אויך אַ סך פֿליגין אונ רויפען (ווערימליך). מען האט בעמערקט, וויא איין פאר שפערלינגע האבין פֿיר זייערע קליינע קינדער אין איין וואָך געפֿאנגען אונ געבראכט אין נעסט 3360 רויפען (ווערימליך) אדער 480 שטיק אַ טאג. היינט האבין זייא דאך עפעס אליין אויך גיגעסען! אונ וויפֿיל פאר שפערלינג האלטין זיך אויף אין אַ געגענד?!

דיא שוואלבין שפייזין זיך נור מיט פֿליגעלעך אונ מאי-קעפער. אז דאס וועטטער איז טרוקין פליהען דיא פֿליגעלעך ארום גאנץ הויך, אין אַ

פייכטען

בײַטען װעטטער פֿליהען זייא גאנץ נידעריג.

דאס זעלבע טהוען אויך דיא שװאלבין װאס יאגין זיך נאך זייא נאך; דעריבער קאן מען אימער װיסען פֿון דיא שװאלבען װאס פֿיר אַ װעטער עס איז: פֿליהען זייא אין דער הויך, איז אַ סמן אז דיא לופֿט איז טרוקען אונ עס װעט זיין שאָן װעטער; פֿליהען זייא אבער נידעריג איז אַ סמן אז דיא לופֿט איז פֿײַכט אונ מען דארף ערװארטען רעגען.

אין ענגלאֶנדער האט געװאלט איבער צעהלין װיפֿיעל פֿליגין אַ שװאלב האפּט אין איין שטונד. ער האט זיך אװעק גיזעצט לעבין אַ שװאלבין נעסט אונ האט גיצאֶהלט װיפֿיעל מאל דיא שװאלב איז גיקומען שפייזין איהרע קליינע; זיא האט יעדעס מאל גיבראַכט נור איין פֿליגעלע, אין פֿערלויף פֿון אַ שטונדע האט זיא געפֿאנגען פֿערציג פֿליגעלעך. יעדער מין פֿייגעל האט זיך שוין זיינע מיטעל װיא צוא חאפּין אינזעקטין. דיא שפעכטין, למשל, פֿאנגען זייא ארוים פֿון אונטער דער קאָרע, װאוהין עס פֿערקלייבין זיך אָפֿט האָלץ-װאָרים. אז דער שפעכט דערשפיהרט אין אַ בוים אונטער דער קארע האָלץ-װאָרים אונ זשוקעס הייבט ער אן צוא פיקין מיטין שטארקין שנאבעל אין דער קארע ביז װאַנען ער מאכט אַ לאך. דערנאך שטעקט ער אריין זיין לאנגע צונג אונ לעקט אויס דיא האָלץ-װאָרים. אמאל טרעפֿט אז ער שטעכט זייא אָן אויפֿן צונג װיא אויף אַ שפילקע.

דיא פֿייגעל װאס פֿערטיליגין דיא אינזעקטין, אויסער װאס זייא רעטטען אונז דיא פֿעלדער מיט דיא לאנקעס, ברייגגען נאך גרויס נוצין פֿיר בהמות.

װער װייס ניט װאס פֿערד אונ קיה אונ הײמישע טהירען ליידין זיך אָן פֿון פֿערשידענע בייסענדע פֿליגען? אַ קוה, װאס האט זיך פֿון דיא פֿליגין קיין ארט ניט גיפֿונען, איז אריין אין אקליין טייכיל, אין װעלכען עס האבין געשװאומען ענטען. קוים האבין דיא ענטען דערזעהען דיא פֿליעגען איבער דער קוה, זיינען זייא צוא געשװאומען אונ גימאַכט אויף זייא איין אבלאװע.

איינער װאס איז געװעזען דערבייא דערצאֶהלט, אז ער האט געזעהען, װיא דיא קוה, איז גישטאנען גאנץ רוהיג אויף איין ארט, אזיא װיא זיא װאלט פֿערשטאנען, װאס פֿיר אטובה דיא ענטען טהוען איהר, חאטש דיא ענטען האבען איהר ארומגערינגעלט פֿון אלע זייטין אונ צייטענװייז אויך געפיקט.

---

## פריינדשאפט צװישען פֿייגלאך מיט טהיערען.

אַ רייזענדער האט אמאל גיזעהען אין אפֿריקא אויף אַ לאנקע אַ גאנצע שטאדא בופֿלאקסין װאס האבין זיך גאנץ רוהיג געפֿיטערט.

אין דער זעלבער צייט איז בייא זייא דיא רוקענס פֿול געװעזען מיט פֿייגלאך

פייגלאך . דיא בופלאקסין האט עס ניט גיארט , אזוי וויא עס דארף אזוי זיין , אז פייגלאך זאלען שטעהן בייא זייא אופ'ן רוקען אונ פיקען .

וויא נאר דיא פייגלאך האבען פון דער וויטען בעמערקט דעם רייזענדען האבען זייא אנגעפאנגען צוא שרייען , געמאכט אַ לארם . פון זייער געשרייא האבען זיך דיא בופלאקסין אויך דערשראקען , אונ האבין אנגיהייבין אנטלויפין . דער רייזענדער האט געוואלט וויסען וואס דיא פייגלאך האבען געטאהן בייא דיא בופלאקסין אופ'ן רוקען , אונ ער האט איין בופלאקס געשאסען . ער האט גינומען בעטראכטין דעם בופלאקס אונ האט בעמערקט , דאס איינעגע זשוקעס ליגען אין דיא האר אונ דיא לייב פון דיא בופלאקסין זייערע אייעלאך .

מיט דער צייט קומען פון דיא אייעליך ארויס רויפען (ווערעמליך) , וואס מאכען דיא טהיערען פיעל שמערצען . אט דיעזע רויפען פרעסען אויף דיא פייגלאך . דעראיבער פערטראגין דיא בופלאקסען אזויא געדולדיג דיא פייגלאך בייא זיך אויף דיא רוקענס אונ עס קיממערט זייא ניט ווען אפילו זייא פיקען זייא .

---

## דער קראקאדילען שומר .

נאך וואונדערליכער איז דיא פריינדשאפט צווישען דעם קראקאדיל אונ איינינע קליינע פייגעלעך . אין עגיפטען (מצרים) איז דא זייער פיעל קראקאדילען . אין דיא הייסע טעג גייען זייא אפט ארויס פון טייך אויפין זאמד , זייא שטעלען ארויס דיא קאפף פון וואסער , עפענען פארנאנדער זייערע מוראדיגע מיילער וואס זיינען אָנגיזעצט מיט שרעקליך שארפע ציין אונ לייגין זיך ווארעמען אויף דער זון . דעמאלט בעמערקט מען גאנץ אפט , וויא לעבען קראקאדיל דרעהט זיך ארום אַ קליין פיצעלע פויגעלע , וואס טאנצט ארום בייא איהם אופ'ן רוקען אונ איבער דעם קאפף אונ רייניגט איהם פון פערשיעדענע רויפען (וואָרימליך) אונ שמוטץ . דאס זעלבע פיצעלע פייגעל האט אפילו קיין מורא ניט צוא צופליהען צום קראקאדילס אפענע מויל אונ רייניגט איהם דיא ציין . זיא האט אפילו קיין מורא ניט אריין צוא פליהען צוא איהם אין מויל אריין אונ זיא פיהלט זיך דארט אזויא גוט , וויא אין פרייען לופט . דער קראקאדיל וואלט איהר לייכט געקאנט איינשלינגען , נאר ער טהוט דאס ניט , ווייל זיא איז איהם זעהר נוצליך . מען רופט דיעזען פויגעל „קראקאדילען-שומר" .

---

## דער האניג ווייזער

אין אפֿריקא געפֿינט זיך אַ קליין פֿייגעלע, וועלכֿע מען רופֿט האניג-ווייזער, ווייל דאס פֿייגעלע גיט צוא וויסען, וואו דיא בינען בויען זיך זייערע בינשטאקין. דיעזעס פֿייגעלע שפייזט זיך מיט דיא רויפען פֿון דיא ווילדע בינען, אליין קאנן זיא אין בינשטאק ניט צוקומען; דעראיבער רופֿט זיא צוא דעם מענשען.

דער מענש צוא ווארפֿט דעם בינשטאק אונ נעמט ארויס דיא האניג, נאכֿהער קאן שוין דאס פֿייגעלע לייכֿט בעקומען איהר שפייז. אט אזויא קומט אויס, אז דאס פֿייגעלע טהועט אַ טובה דעם מענשען אונ דער מענש העלפֿט אויס דאס פֿייגעלע.

---

## וויא קראפ-גענז פאנגען פיש.

דיא קראָפּ-גענז לעבען איבערהויפט פֿון פֿיש אונ זאבעס.

זייא פֿאנגען פֿיש אין קאמפאניע, זיך העלפֿענדיג איינער דעם אנדערן. צוא דיעזעם צוועק קלייבין זייא געוואהנליך אויס אַ שמאלען ארט אויפֿין טייך.

אין רייזענדער האט גיזעהען וויא 50 ווייסע קראָפּ-גענז האבין זיך אויסגישטעלט אין אַ לאנגע רייהע (שורה) אין מיטען טייך. זייא זייען געשטאנען ביז העלפֿט אין וואסער. יעדער פֿון זייא האט אויסגעצויגען דיא האלז אונ דעם שנאבעל, פֿערטיג צוא געבען אביס, זייא האבען נאר געווארט אויף אַ סיגנאל אום אנצופֿאנגען צוא טאהן. באלד האט איין אלטע קראָפּ-גאנז, דער אנפֿיהרער, גגעבען אגעשרייא אונ דיא גאנצע סטאדא קראָפּ-גענז האבען זיך גענומען בעוועגען אונ שרייען.

זייא האבען גענומען געהן נעהנטער צום ברעג, קלאפענדיג מיט דיא פֿליגלען איבערין וואסער אונ אראב לאזענדיג יעדע ווייל דיא ברייטע לאנגע שנאבלען. דיא וואס זיינען געשטאנען בייא דיא זייטען, זיינען געגאנגען שנעללער, פונקט וויא עס טהוען דיא פֿישער, וואס טראגין דעם נעטץ. מיט איינעם ווארט, דיא פֿייגלאך האבען צונויפגעטריבען דיא פֿיש צום ברעג דורכֿאויס וויא וואהרע פֿיש פֿאנגער.

אנפֿאנגס איז איין פֿויגיל געשטאנען ווייט פֿון דעם אנדערן אויף דיא גאנצע לייננ פֿון דיא פֿליגיל מיט וועלכע זייא האבין גיארבייט. נור וואס ווייטער האבין זייא זיך אלץ מעהר צוא זאמען גערוקט, פֿון ענגשאפֿט האבען דיא פֿיש זאגאר גענומען שפרינגען פֿון וואסער אין לופֿטין.

דעמאלט האבין דיא קראפּ-גאַנז זיך גינומען צוא דער ארבייט. 5-6 פֿייגיל, דיא גרעססטע פֿון דער גאנצער סטאדע, האבען גענומען ארויס שלעפען דיא פֿיש פֿון וואסער.

דיא

דיא קראפּ-געגז האבין אונטערין שנאבעל אַ בייטעל, וואס קאן זיך פֿערנאנדערציעהען אונ קאן בעהאלטין אַ גאנצין אוצר מיט פֿיש. זייא האבין אנגעהייבען חאפּין פֿיש אונ ווארפֿען אין בייטיל אריין, אין דער צייט וואס דיא איבעריגע קראפּ-געגז זיינען געשטאנען אונ געשלאגען מיט דיא פֿליגלען אונ צוזאממען געטריבין דיא פֿיש.

אנדערע פֿויגעל האבין דאס בעמערקט פֿון וויטין, אונ זיינען צוזאממען גיפֿלייגין פֿון אלע זייטען אונ האבין גיווארט, אפֿשר וועט זייא אויך עפּעס אנקומען פֿון דעם פֿיש פֿאנג.

גאנצע וואלקין פֿון וואססער שוואלבין אונ מעווען זיינען גיפֿלייגין איבער'ם וואסער אונ פֿליהענדיג געהאפּט קליינע פֿישעלעך.

מען האט געזעהן וויא קראהעס האבין זיך געשלאגין איבער עטליכע געגנבעטע פֿישעלעך. גאגארעס האבין זיך גאר אראפּ גילאזין אין רעכטען מיטין צווישען דיא קראפּ-געגז, אונ גיהאפּט פֿיש גלייך מיט זייא גאר אהן שום מורא.

ענדליך איז אַ גאנצע סטאיא רייהע (אמין פֿייגעל). אויך גיקומען צוא פֿליהען. זייא האבען אבער קיין מוטה ניט געהאט צוגעהמען חאפּען פֿיש; זייא האבען זיך צוא זעצט אויף דיאביימער אונ האבין גיקוקט פֿון וויטען אונ געשריען. אז דיא קראפּ-געגז האבין געענדיגט זייער ארבייט זיינען זייא ארויס פֿון טייך אויפֿין זאמד אונ האבין גינומען צווישען זיך טיילין דעם רויב. יעדע קראפּ-גאנז האט אויס גישפייען פֿון בייטיל גאנצער הייט דיא אייגגישלונגענע פֿיש. דיא חברה האט זיך גינומען צוא דער אבילה, יעדע קראפּ-גאנז האט בעקוממען אגלייכען טהייל, אלץ איינס, צוא זיא האט נאר געיאגט דיא פֿיש אדער זיא האט אליין גיחאפּט. דיא טהיילערקע צווישען זייא איז געוועזען דיזעלבע עלטסטע קראפּ-גאנז, וואס האט אנגעפֿיהרט דאס פֿיש-פֿאנג. נאך איהר געשריי נאך האט יעדער פֿייגעל בעקוממען זיין טהייל.

---

## דיא קירא אונ רויב פייגיל.

אנדערע פֿייגעל טוקען זיך ארונטער אונטערין וואססער אונ האפּען פֿיש, צום ב. ש. דיא וואסער ענטין אין דיא קאלטע לענדער, וועלכע מען רופֿט דעריבער: „דיא טוקערס" אדער „נורקעס". זייא לאזין זיך אראפּ ביז 30 ארשין דיא טיף אונ האפּין פֿיש קונציג אונ געשייט. לעבען אייז מעער (ים הקרח) איז דא אַ פֿייגעל מיט דעם נאמען קירא, וואס שווימט אויסגעצייכענט אונטערין וואססער. שווימענדיג ארבייט זיא מיט דיא פֿיס, אונ מיט דיא פֿליגלען. פֿיהער יאגט זיא אונ טרייבט צוזאממען דיא פֿישלעך אין איין ארט, דער נאך פֿאנגט זיא

זייא

זייא וויפיל זיא וויל. קייראס פאנגען אין וואסער הערינג, אבער ניט אלע מאל ליקט זייא דיא געפאנגענע הערינג צוברענגען צוא זיך אהיים.

אין דיא ערטער וואו דיא קייראס האפין פיש, פליען צוניף מעווען. קוים בעוויזט זיך אַ קיירא איבערין וואססער מיט אַ פיש אין מויל לאזט זיך אויף איהר אראפ דיא מעווע אונ רייסט איהר דיא שפייז פון מויל ארויס.

עס איז פאראן אַ פייגיל וואס הייסט פאָמאָרניק. דיעזער פייגיל קאן זאגאר אליין ניט האפין קיין פיש, נאר ער לעבט פון גזלה, ד. ה., פון דעם וואס ער נעמט מיט געוואלט אוועק בייא אנדערע ים-פייגיל. נאטירליך, בעפאלט ער נאר פייגלאך וואס זיינען שוואכער פון איהם.

פייגלאך וואס לעבען פון גזלה, זיינען דא אומעטום — אין אלע לענדער. ליבען אָקאָאַן צום בייא שפיל לעבען צווייערליי מינים אדלער: "וויסקאָפיגע" אונ „פיש פאנגער".

דיא ערשטע רופט מען „וויסקאָפיגע", ווייל זייא האבין וויסע קאָפ. דיא אנדערע הייסען „פיש פאנגער", ווייל זייא האפען אויסגעצייכענט פיש.

„דער פיש-פאנגער" האפט דיא פיש, אבער עססען עססט זייא אויף דער „וויסקאָפיגער" אדלער.

דיעזער ראזבאָייניק זעצט זיך אוועק ערגעץ אויף אַ הויכען אָרט אויף אַ בארג אונ קוקט, אַפשר וועט זיך בעוויזען וואו עס איז דער פיש-פאנגער אדלער. קוים דער זעהט ער איהם פון וויטען מיט אַ פיש, גיט ער זיך אלאָז נאך איהם. דער פישער ענטלויפט פון איהם אונ פליהט ארויף אין דער הויך, אבער דער וויסקאָפיגער פליהט נאך העכער ארויף. ער פליהט איבער דעם פיש-פאנגער אונ שרעקט איהם אזויא לאנג, ביז ער מוז ארויסלאזען דיא פיש פון מויל. אין דער אייגענער רגע לאזט זיך דער וויס-קאפ אראפ וויא אַ פייל פון בויגין אונ איכמער אזויא געשיידט, דאס ער אוספייעט צוא האפען דיא פיש נאך איידער זייא פאללען אראב אויף דער ערד, דערנאך פליהט זיך דער וויסקאפ אוועק אין וואלד אונ דער פישער מוז ווידער געהן הארעווען אויף זיין שטיקעל ברויט.

---

## וויא אזויא דיא קראקאדילען קריגען פיר זיך שפייז.

שיינע מעשות דערצעהלט מען וויא דיא פערשיעדענע שלאנגען, עקדע-סען, אונ זאַבעס ערווערבען זייערע שפייז. דיא רייזענדער איבער אינדיען האבען פיעל מאל געזעהן וויא דיא שרעקליכע קראקאדילען האפען פיש. אין דעם טייך גאַנג געפינען זיך זעהער פיעל קראקאדילען. בייא טאג פלעגען זייא אפליעגען גאנצע שטונדען אויפין זאמד, אבער וויא נאר עס פלעגט ווערין אבענד, פלעגען

פֿלעגען דיא קראקאדילען אוועק געהן פֿון ברעג אין אקליינעם טייכֿעל וואס פֿאלט אריין אין דעם גאַנג אונ וואס האלט נאר 9 קלאפֿטער אין דיא ברייט. דארטען האבען זייא זיך אויסגעשטעלט אין צוואייא צייליען, ווייל פֿיר איין צייל איז דער ארט גיוועז צוא שמאל. נאכֿהער האבען זייא זיך געלאזען לאנגזאם שווימען איבער־ן קליינעם טייכֿעל ארויף שטראם אונ טרייבען פֿאראויס דיא פֿיש אזויא לאנג ביז זייא פֿלעגען זייא צוטרייבען צוא אַ ברעג. דא־טען פֿלעגען זייא דיא פֿיש אויפֿרעסען. דיא קראקאדילען זיינען שרעקליכֿע רויב טהיערע. זייא פֿרעסען טהיערען, פֿיש, בראקירען ניט מיט געפגרטע אויך. רייזענדער דערצאֶהלען אז זייא האבען געזעהן וויא קראקאדילען האבען געוואלט אוועק נעהמען רויב בייא לייבען. עס האט אויך געטראפֿען אז קראקאדילען זיינען אנגעפֿאלען אַף מענשען, וואס האבין זיך געבאדין אין טיך, אונ האבען זייא אויפֿגעפֿרעססען. —

---

## שלאנגען.

אין דיא הייסע לאֶנדער געפֿינען זיך אזוינע שרעקליכֿע גרויסע שלאנגען וואס האלטין 9 ארשין דיא לאֶנג אונ נאך מעהר: דער גרעסטער שלאנג איז דער ריעזענשלאנג (Удавъ). דיעזער שלאנג האט קיין גיפֿט ניט אונ זיין רויב דער־שטיקט ער. איינער דערצעהלט וויא אַ „ריזענשלאנג' האט געחאפט אַ ציעג. וויא דער שלאנג האט דערזעהן דיא ציעג האט ער זיך געשטעלט אין אווינקעל אונ איינגעקארצעט אונ אנגעשטעלט דיא אויגען אויף דער ציעג.

נאכֿהער איז דער שלאנג פלוצלונג ארויפֿגעשפרונגען אויף דיא ציעג, האט איהר געהאפט מיט דיא צעהנער פֿאר דער מארדע אונ האט זיך ארומ־געוויקעלט ארום איהר צווייא מאל אונ האט איהר אזויא צונויפֿגעקוועטשט דיא הארץ, אז דיא ציעגעלע האט באלד אויפֿגעהערט צוא אטהעמען. אזויא האט דער שלאנג איהר געשטיקט אַ מינוט אַכֿט. בשעת דיא ציעגעלע איז גע־שטארבען, איז דער שלאנג פֿון איהר אראב אונ האט איהר גענומען לעקען.

דער נאך האט ער איהר גאנצער־הייד איינגעשלונגען, אפֿריהער איז אריין צוא איהם אין מויל דער קאפף, נאכֿדעם דער רוקען, אונ צום סוף דיא פֿיס. דעם שלאנגס מויל האט זיך אויפֿגעעפֿענט אזויא ברייט אז עס איז שרעקליך געוועזען צוא זעהען. זיין קאֶרפער איז וואס וויטער וויטער געווארען גרעסער. אין דער צייט פֿון שלינגען האט דער שלאנג בענעצט דיא ציעגעלע מיט שלינע, כדי זיא זאל ווערען גליטציגער אונ זאל לייכֿטער אריין צואיהם אין מאגען. שלינע האט גערונען פֿון שלאנגס מויל דיא גאנצע צייט ביז ער האט זיין רויב אין גאנצען איינגעשלונגען.

דאס איינשלינגען האט געדויערט אַ ערך פֿון אַ פֿערטיל שטונדע. דער נאָך האט זיך דער שלאנג אויסגעצויגען אונ האט זיך אַ צייט ניט גערירט פֿון ארט, אום צוא פֿערדייהען דעם עססען. פֿון דרויסען האט זיך געזעהן ווּיא דיא ציגעלע ליגט בייא איהם. דער בויך איז בייא דעם שלאנג געוואָרען הויך וויא אנגעשוואָלען.

דער ריזענשלאנג געפֿינט זיך אין זיד-אמעריקא. ער האלט זיך אויף אין וואַלדער. צייטענווייז קריעכט ער ארויף אויף אַ ביים אונ קוקט אויס וועמען צוא האפּען. ער עססט אללם דינג: מייז, קראליקען, פֿייגעל. אז ער שפּרינגט ארויף אויף אַ מענשען אונ וויקעלט זיך ארום איהם ארום, איז דער מענש אויך אַ פֿארפֿאלענער. —

---

## צוא קענען שלאנגען כשוף?

אנדערע שלאנגען זיינען גיפֿטיגע. זייא האבין אין מויל 6 גיפֿטיגע ציינער. דיא ציין דינען זייא ניט צום עססען, זייא בייסען נאר איין מיט זייא אונ לאזען אריין דעם גיפֿט. וואס איז אין זייא פֿארהאן. דער נאָך שלינגען זייא איין דעם רויב גאנצער הייד. פֿיעל היות האבען שרעקליך מורא פֿאר שלאנגען, דיא פֿייה צום בייא שפּיל אז זיא דערזעהט אַ קלאפּפּער שלאנג ווערט זיא פֿון שרעק וויא משוגע. —

אַ רייזענדער איבער אמעריקא דערצאהלט אז ער האט איין מאהל געזעהן וויא אַ קלאפּפּער-שלאנג האט זיך צונויפֿגעדרעהט אין אַ קנויל אונ געלייגט זיך אונטער אַ ביים, אויף וועלכען עס איז ארומגעשפּרונגען אַ בעלקע (פֿייה). וויא דיא בעלקע האט דערזעהען דעם שלאנג, האט זיא אנגעהייבין יאממערליך שרייען, זיא איז אומגעלאָפֿען וויא אַ משוגענע אויפ'ן בוים ארוף אונ אראפּ, אזוויא האט זיא געטאהן עטליכע מאל אונ יעדעס מאל איז זיא אלץ צוגעלאָפֿען נעהענטער צוא דעם שלאנג. דער שלאנג האט דיא גאנצע צייט ניט רירענדיג זיך פֿון ארט געקוקט אויף דיא בעלקע אונ האט פֿון איהר ניט אראפּגעלאזען דיא אויגען. ענדליך איז דיא בעלקע צוגעשפּרונגען הארד צום שלאנג, אונ דער שלאנג האט איהר געחאפּט.

נאָך איינער דערצאהלט אז פֿאר זיינע אויגען האט אַ שלאנג אויף דעם-זעלבען אופֿן געחאפּט אַ פֿייגעלע. דיא פֿייגעלע איז געזעססען אויף אַ בוים, אין אַ האלבין קלאפֿטער ווייטער איז געלעגען אַ גרויסער שלאנג. דער שלאנג האט אויסגעצויגען דיא האלדז, אונ אָנגעשטעלט דיא אויגען אויף דיא פֿייגעלע, אונ געקוקט אויף איהר אזוויא לאנג ביז זיא איז צוגעשפּרונגען הארד לעבען איהם אונ דער שלאנג האט איהר איינגעשלונגען. זעהענדיג אַ זעלכין האבען

האבען זיך דיא רייזענדער שטארק געוואונדערט. זייא האבען נישט געקענט קלוג ווערען אונ פֿערשטעהן פאר וואס דיא בעלקע אדער דיא פֿייגעלע נעהען אליין צום שלאנג אין מויל אריין. עס איז בייא זייא געבליעבען ניט אנדערש אז דא ליעגט עפעס אַ מין צויבערייא, אז דער שלאנג קען בעצויבערן אנדערע טהיערע אונ זייא צוציהען צוא זיך. אז מען האט אבער דיא זאך בעססער בעטראכֿט, האט מען פֿערשטאנען אז דער שלאנג ברויכֿט גאר ניט קיין צובעריי אונ כשוף, נאר ער שרעקט אזויא שטארק איבער דיא ארעמע חיה'לע דאס זיא ווערט צוא טומעלט אונ וויים אליין ניט וואס זיא טהוט. דיא זעלביגע זאך פאסירט מיט פֿערד אונ שעפסען וואס אין אַשרפֿה לויפֿען זייא אליין אין פֿייער.

---

## דיא אכס פראש (זאבע).

דיא זאבעס וואס געפֿינען זיך אין אונזערע לאֶנדער נאֶהרען זיך מיט פֿליעגען אונ מיט וואֶרים. אין דיא הייס; לאֶנדער זיינען דא אזעלכֿע גרויסע זאבעס, וואס עסכען פֿייגלאך. אט וואס דערצאֶהלט איינער וואס האט געררייזט איבער נאָרד-אמעריקע: ביים ברעג טייך האבין זיך געשפילט אַ גאנצע פֿאמיליע קליין פֿייגעלעך. פלוצים איז ארויסגעשפרונגען פֿון אונטערן קוסט אגרויסע פֿראש, אונ האט אנגעהאפט אַ פֿייגעלע פֿארן פֿיסל אונ אריינגעשלעפט אין וואסער. דיא פֿייגעלע האט זיך נעבעך געריססען מיט אלע כוחות, עס האט איהר אבער נישט געהאלפֿען, ווייל דיא פראש איז געוועזען פֿיעל שטארקער פֿון איהר. זיא איז געוועזען גרויס $3\frac{1}{2}$ ווארשאק אונ האט געוואויגען ביז 3 פֿונט. דיעזע פֿראש רופֿט „אָכס-פֿראש" ווייל זיא קען אזויא גוואלדיג שרייען, וויא אונזערע זאבעס קאנען דאס נישט.

---

## וועגען דיא היי-פּישען.

אין ים (מעער) זיינען דא שרעקליך גרויסע פֿיש וואס הייסען: היי-פֿיש. דיעזע פֿיש זיינען זעהער גרויס; עס זיינען דא היי-פֿישען וואס זיינען גרויס 6 קלאפֿטער. דער היי-פֿיש איז אַ גרויסער פֿרעסער אונ אַ רויבער. דיא ים-פֿאהרער זאגען, אז פֿאר דעם היי-פֿיש דארף מען מורא האבען אויפֿין ים פונקט וויא פֿאר דעם וואלף אויף דער יבשה. גאנצע סטאדעס היי-פֿישען שווימען נאך דיא שיפֿפֿען, אונ קוקען אלץ

אויס, טאמער ווערט אַ מענש אראב פֿאלען אין ים אריין. ווייא עס מאכט זיך אזא מין אונגליק, שווימען זייא צוא אונ צורייסען דעם מענשען מיט דיא צאֶהן. מיט 5 יאהר צוריק האט זיך געמאכט אזא מין אונגליק אויפֿין אָקעאן מיט אַ רוססישען אפֿיצער. אז דער היי־פֿיש וויל ווערען חאפען, מוז ער זיך איבער קעהרען אויפֿין רוקקען, ווייל בייא איהם איז דיא מויל ניט אין פֿאדערסטען טהייל פון קאפ, נור פֿון אונטען. דעם היי־פֿיש גובר זיין קען מען נור דאמאלס, אז מען לאזט זיך אונטערן וואססער, אונ מען בעפֿאלט איהם פֿון אונטען. דיא אינדיאַנער זיינען גרויסע מייסטער דערצו, זייא לאזען זיך אראב טיעף אין וואססער אונטער דעם היי־פֿיש אונ שטעקין איהם אריין אַ מעססער אין בויך. דער היי־פֿיש האט זעהר אשרעקליכֿע מויל וואס איז אנגעזעצט מיט עטליכע ציילען שפיציגע אונ שארפע צאֶהן. שווימענדיג נאך דיא שיפֿפֿען שלינגען דיא היי־פֿישען איין אלעס, וואס עס פֿאלט נור אראב פון שיף, אפילו לעדיגע פֿלעשער אויך.

איהר ווייסט מסתמא, אז ווען עס שטארבט אַ מענש אויפֿין שיף, איז מען איהם מקבר אין ים, ד. ה. מען בינדט צוא צוא איהם אשווערע משא אונ מען לאזט אראב אין וואססער אריין. אבער ניט אלע מאל ווערען אויך דיא טוידטע קאֶרפער געשווינט פון דיא שרעקליכע צאֶהנער פונ'ם היי־פֿיש.

דער היי־פֿיש שווימט ניט אליין איבער'ן ים, ער האט שטענדיג אַ געטרייען חבר וואס בעגלייט איהם אונ ווייזט איהם נאך דעם וועג אויך. זיין בעגלייטער רופֿט זיך דער לאָצמאן (מאטראס), ער איז אַ סך קלענער פֿון דעם היי־פֿיש, לעבט אונ שפייזט זיך מיט דיא ברעקליך וואס בלייבט, פֿון דעם היי־פֿיש'ס עססען. דער לאצמאן זעהעט אונ הערט בעססער פֿון דעם היי־פֿיש.

אז ער דערזעהט פֿון ווייטען עפעס אַ סכנה הייבט ער זיך אן צו דרעהען אונ צו ווארפֿען. דער היי־פֿיש בעמערקט באלד דעם לאצמאנס אונרוהיגקייט אונ פארקערעוועט זיך צוריק.

דיא ים פֿאהרער דערצאֶהלען זעהר אַ סך וואונדערליכע מעשות וועגען דיא רויבערייא פֿון דעם היי־פֿיש. דער היי־פֿיש, דערצאֶהלען זייא, פאלט אן אויף דעם וואַלפֿיש אויך און קומט איהם בייא.

איין מאל זיינען אנגעפֿאלען אויף איין יונגען וואלפֿיש (קיט) עטליכע היי־פֿישען, זייא האבען איהם אזויא צוא ביסען זיינע פֿלוספֿעדערען אונ זיין ווידיל, אז בלוט האט גערונען. דער וואלפֿיש האט כימט זייא גאר ניט געקענט מאכֿען ווייל ער איז ניט אזויא פֿלינק אונ בעוועגליך וויא דיא היי־פֿישען. אין דער זעלבער צייט איז פֿערבייא געגאנגען אַ שיף. דיא מענשען

פֿון שיף האבען געזעהן וויא דיא היי-פֿישען זיינען זאָגאַר ארויס־געשפרונגען פֿון וואססער און זיינען אנגעפֿאלען אויף דעם וואללפֿיש פֿון אויבען. דער וואללפֿיש האט גאר ניט געוואוסט וואו-הין פֿון זייא צוענטלויפֿען און איז ארונטער אונטער'ן שיף און האט זיך דארט בעהאלטען ביז דיא היי-פֿישען זיינען אַוועקגעשוואומען.

אין דיא אקעאנען און אין דיא גרויסע מעערען לעבט נאך איין גרויססער רויב פֿיש וואס רופֿט זיך דער „שווערד-פֿיש", ווייל זיין נאז ווייזט אויס וויא אַ לאנגע און אַ שארפֿע שווערד. דער שווערד-פֿיש איז ניט קלענער פֿון היי-פֿיש און פֿאלט אָן אויף דעם וואלפֿיש צוזאממען מיט דעם היי-פֿיש. איין מעער-רייזענדער דערצעהלט, אז פֿאר זיינע אויגען האבען פֿיש איינגענומען אַ וואללפֿיש. דאס האט זיך געטראפען אויף דעם באַלטישען מעער, לעבן דיא העברידישע (Гебридскіе) אינזלען. עס איז דאמאלס געווען שטיל אויפ'ן ים, קיין ווינט האט ניט געבלאזען. דיא פאַרוסען (זעגלען) זיינען געהאנגען אויפ'ן שיף און האבען זיך אפֿילו קיין ריהר ניט געטהאן. ארום 2 אזייגער בייא טאג האבען דיא מעער-רייזענדע בעמערקט איין גרויסען וואללפֿיש, וועלכען זיינען בעפֿאלען 5–6 היי-פֿישען און 2–3 שווערד-פֿישען. דיא היי-פֿישען זיינען איהם בעפֿאלען פֿון אויבען און דיא שווערד-פֿישען פֿון אונטען. וויא נור דעם וואללפֿישעס רוקען האט זיך בעוויזען אויפ'ן וואסער, זיינען גלייך דיא היפֿישען אונטערגעשפרונגען אויף אַ 3 ארשין אין דער הויך און זיינען אנגעפֿאלען אויף דעם וואללפֿיש און האבען איהם געשלאגען מיט זייערע לאנגע עקען. זייא האבען איהם אזויא שטארק געשלאגען אז מען האט געהערט דיא קלעפ פֿון גאנץ ווייט. עס האט אויסגעזעהן, וויא מען שיסט פֿון אַ ביקס, און אין דער זעלביגער צייט, וויא דיא היי-פֿישען האבען געשלאגען דעם וואללפֿיש פֿון אויבען, האבען דיא שווערד-פֿישען איהם געשטאכען מיט זייערע שווערדען פֿון אונטען. דער ארמער וואללפֿיש האט זיך קיין ארט ניט געקענט געפֿינען וואוהין אנטלויפֿען; ער איז אבגעפֿלייצט געווארען מיט בלוט אז דאס וואסער ארום איהם איז געווארען רויט. אזויא האבען איהם דיזע פֿיש געמאטערט עטליכע שעה. „מיט וואס האט זיך דיא מלחמה געענדיגט, האב איך ניט געזעהן, זאגט דער מעער רייזענדער, נור מסתמא האבען דיא פֿיש ענדליך פֿארט דערהרגעט דעם וואללפֿיש".

פֿיעלע פֿיש נאָהרען זיך מיט פֿליישיגע שפייז. זייא פֿרעסען אלערליי מעער טהיערען, וואָרמליך, ראקושקעס, קליינע פֿישעליך, מיט איינעם ווארט אַללע בעשעפֿענישען וואס לעבען אין וואסער. איין פיש וואס רופֿט זיך דער „פֿיש פֿאנגער" האפט פֿיש אויף אזא'ן אַרט. ער פערגראבט זיך אין

דיא

דיא זאמד אויפֿין גרונד אונ שטעלט נאר אויס זיינע וואָנצעס. ער דאַס משונהדיגע וואָנצעס האָס ווייזען אויס וויא וואָרם. ער ליעגט זיך אויפֿין גרונד אונ דרעהט זיך מיט דיא וואָנצעס. אנדערע פֿישען זעהען וויא אויפֿין גרונד קריעכֿען אין זאמד וואָרים, אונ זייא שווימען צוא האפען דיא וואָרים אונ פֿאללען אריין צום „פֿיש-פֿאנגער" אין מויל.

## וויא פישען פאנגען זייער רויב איבערן וואסער.

עס איז דא אזוינע פֿישען וואס חאטש אליין לעבען זייא אונטערן וואסער, דענאך פֿאנגען זייא רויב איבער דעם וואסער. אין דיא הייסע לאַנדער געפֿינט זיך אזא מין פֿיש, וואס קענען שיסען מיט וואסער. דיעזער פֿיש רופֿט זיך „דער-שפייער". ער שווימט שטענדיג גאר פֿון אויבען אונ קוקט, טאמער וועט פֿליען איבערן וואסער אפֿליעג, אזשוק, אזומער-פֿייגעלע, וויא „דער שפייער" דער זעהט דאס, שווימט ער צוא נאָהנטער צוא דעם ארט וואו דיא פֿליעג, אדער דער זשוק דרעהט זיך ארום, אונ שיעסט אויף איהם מיט אטראפען וואסער. דיעזען טראפען וואסער שפייט ער ארויס פֿון מויל אונ אזויא קונציג, אז ער טרעפֿט שטענדיג אין ציעל אריין, וויא אגוטער שיעסער. דיא פֿליעג אדער דער זשוק פֿאלט באלד אראפ אין וואסער אונ „דער שפייער" פֿרעסט זייא אויף.

## וויא פישען קריעכֿען אויף דער יבשה.

עס איז דא אזוינע פֿישען וואס שפרינגען ארויס פון וואסער אום צוא האפען דיא פֿליעגעליך וואס פֿליען איבער'ן וואסער, עס איז דאך נאך אנדערע פֿישען וואס שטענדיג לעבען זייא אין וואסער, נאר זייא קענען אויף דער יבשה זוכען פֿיר זיך שפייז. אין אינדיע געפֿינט זיך אפֿישיל, וואס רופֿט זיך דער אנאבאס אדער דער קריכֿעדיגע אקען. אט דיא קליין פֿישיל קען ארויסגעהן פֿון וואסער אויפֿ'ן ברעג אונ דארטען אפ זיין עטליכֿע שעה. אין מויל בייא דער פֿישיל איז דא אזא זאַקיל (פוזיר) וואס זיא נעהמט איהם אן מיט וואסער ווען זיא וויל ארויסגעהן אויפֿ'ן ברעג. דיא זשאברעס בענעצט זיא דעמאלט מיט דעם וואסער וואס זיא האט אנגענומען אין דעם זאַקיל. דיעזע פֿישיל קען ניט נור ארום קריכֿען אויפֿן ברעג, זיא קריעכט אונ קלעטערט זיך אויף בוימער אויך. אנשטאט דיא פֿיס, ארבייט זיא מיט'ן ווידעל, מיט דיא פֿלום פֿעדערן, מיט דיא זשאברעס אונ האלט זיך גוט אויף דיא בוימער

בוימער ; דער אנאבאס האפט אויפ'ן ברעג פערשיעדענע ראקעס מיט וועלכע ער האדעוועט זיך.

## וויא פליעגען אונ זשוקעס שפייזען זיך.

דיא פליעגען אונ זשוקליך, דיא בוקאשקעס אונ אלע איבעריגע אינזעקטען דארפען אויך זיך געננת מיהען אויפ'ן עסען. איינינע אינזעקטען עסען נור טוידטע קערפער, אונ אנדערע דוקא לעבעדיגע. אז דיא טוידטע קערפער הייבען אָן פוילען, פאללען אָן אויף זייא פיעלע אינזעקטען (פליעגעלאך). צום ערשטען קומען דיא פליעגען וואס לאָבערן דורך דיא פעל פון'ם קערפער, נאבדעם דיא פלייש פליעגען, וואס לייגען אָן אויף איהם זייערע אייעלעך. אין אטאג אדער צוויי ארום קריכען ארויס פון דיא אייעלעך אַמעננע וואָרימלעך יעדער פליעג קאן לייגען ביז צוואנציג טויזענט אייעליך אונ פון יעדעם איז קריעכט ארויס איין וואָרימעל. דיא וואָרימליך וואקסען אזויא געשווינד אז אין אַ מעת לעת ווערן זייא גרעססר צוויי הונדערט מאל. דיא וואָרימליך פרעסען אויף זעהר פיעל פלייש אונ זעהר געשווינד. וואָרימליך פון אייעליך וואס דרייא פליעגען האבין געלייגט, קאנען אין עטליכע טעג אויפפרעססען אגאנצען פערד, פונקט וויא אַ לייב.

## זשוקעס „קברים-גראבער".

דיא פלייש-פליעגען פרעססען אויף דאס פלייש פון דיא טוידטע קאָרפער, אנדערע אינזעקטין דיא פעל, דיא האר, דיא הערנער, אונ לעקען אונ סמאקען אויס דיא ביינער. מיט איינעם ווארטע, יעדעס געפאללענע מהיער ווערד שנעלל פערצעהרט, בעזאנדערס אין דיא הייסע לאָנדער. עס איז דא אזוינע זשוקעס וואס בעגראבען דיא געפאלענע טהיערען אין דער ערד, דיעזע זשוקעס רופען זיך שוין אזויא אָן: „קברים-גראָבער"; ווען זייא געפינען ערגעץ אגעפגרטע מויז, אהוהן, אדער, אקאָרט הייבען זייא אָן גראבען אונטער זייא אַ גרוב, זייא גראבען צוזאממען אונ העלפען איינער דעם אנדערן. זייא ארבייטען זעהר פלייסיג, אונ טראגען בישלאבוויז פון גרוב דיא אנגעגראבענע ערד. אהוהן קאנען זייא פערגראבען אין צוויא טאג, אמויז אין דרייא שטונדען. איינער דערצעהלט, וויא זשוקעס האבען בעגראבען אהוהן. איין זשוקל האט אוים געקייקילט פון ערד קוגעלאך אונ האט זייא ארויסגעטראגען פון דער גרוב וואס זייא האבען אונטער דער הוהן געגראבען

געגראבען, איין אנדער זשוק האט אנגעהאפט די קיגעלאך אונ האט זייא ווייטער אוועקגעקייקילט. אזויא האבען די זשוקעס ביסלאכווייז זיך אונטער געגראבען אונטער דער הויך; נאכדעם האבען זייא אונטער איהר הויט געלייגט אייעליך אונ פערשאטען די גרוב מיט ערד. די „קברים גראָבער" שפייזען זיך אליין מיט די פערגראבענע פגירות אונ פערזארגען מיט דעם אויך די ווערימלעך וואס געהן ארויס פון זייערע אייעליך. אז די פגירות ליעגען פון אויבען אויף, פרעסען זייא פליעגען אונ אללע אַנדערע זשוקעס אויך; דעריבער בעהאלטען זייא די „קברים-גראָבער" אין דער ערד, קיין אנדערער זאל צוא דעם ניט קאננען צוקוממען. אגב פוילען ניט אזויא שנעלל די פגירות אין דר׳ערד, וויא אופ׳ן פרייען פעלד.

די קברים-גראָבער ארבייטען זעהר פלייסיג אונ מיט פערשטאנד. איינער האט געזעהן, וויא די זשוקעס האבען געשלעפט אנגעפגרטע הויך פון איין ארט אויף דעם אנדערען. זייא האבען געפונען די הויך אויף אַ שטיינערדיגען ארט אונ זייא האבען קיין קראַפטען ניט געהאט איהר אויף יענעם ארט צוא בעגראבען. דעריבער האבען זיך צונויף געקליעבען אפולע זשוקעס צוזאממען אונ האבען אוועקגעשלעפט די הויך אהינצו, וואו די ערד איז געוועזן אווייכע און אהן שטיינער. די ארבייט האט בייא זייא לאנג געדויערט, עס איז קענטיג געוועזן, אז עס איז זייא ניט גרינג אנגעקומען, נור פון דעסט וועגען האבען זייא אייסגעפיהרט זייערס אונ האבען סוף-כל-סוף איבערגעטראגען די הויך וואוהין זייא האבען בעדארפט אונ האבען איהר פערגראבען. אז עס מאכט זיך זייא אַ צוגרויסע פגירה, צום ביישפיעל, אנגעפגרטער פערד אדער אקוה — ארבעטין זייא אנדערש, זייא בייסען אָפּ פון דער פגירה שטיקלעך פלייש, אונ טראגען דאס אוועק אונ פערגראבען.

## די פליעגע צעצע.

איינינע פליעגען עסען געפגרטע אונ זייגען בלוט בייא לעבעדיגע חיות. דיעזע פליעגען קאָנען אלליין גרינג פערטראגען אללע פערפוילטע שפייז, אבער אז זייא גיעבען אביס אמענשען, פערפעכטען זייא איהם ביז טויד. עס האט זיך געמאכט, אז מענשען זיינען געשטארבען פון אביס וואס אשטוב פליעגע האט זייא געגעבען. אנדערע אינזעקטין קאנען קיין פגירה גאר ניט עסען אונ ליעבען נאר פלייש פון לעבעדיגע טהיערען.

עס איז דא ברעמזען (אזולכע פליעגען), וואס גיעבען זייערע קינדער אוואָהנונג אונטער דער פעל פון אַ אָכס אדער אַ הירש. קאמארעס, פליי, וואנצען

װאַנצען אונ פֿיה-ברעמזען טרינקען בלוט. אין זיד אמעריקע לעבט אַ פֿליעג װעלכע מען רופֿט „צעצע". זיא איז ניט פֿיעל גרעסער פֿון אונזער שטוב-פֿליעג אונ װײזט גאר ניט אויס שרעקליך, אבער אין אמת ברײנגט זיא זעהר פֿיעל שאדען.

פֿערד, הינד, שעפסען אונ קיה שטארבען פֿון איהרען אַ ביס. זיא לאזט זײא ארײן אונטערן פֿעל גיפֿט אין דער זעלבען צײט, װאס זיא טרינקט זײער בלוט. פֿון דיעזען גיפֿט שטארבען דיא טהיערע ניט מיט אמאל, נאר אין אצײט ארום. װען עטליכע פֿליעגען מיט אמאל בײסען איין אַ פֿערד פּגרט ער אװעק אין עטליכע טעג ארום. פֿון איין פֿליעגס אַביס קראַנקען דיא טהיערען גאנץ לאנג אײדער זײא שטארבען. צום ערשטען װערן זײא מאגער, אויסגעדארט, דערנאך בעקוממען זײא בלוטשטירץ. פֿאר דעם טויד װערען זײא געשװאלען, הערען אויף צוא זעהן אינ שטארבען אװעק. דער גיפֿט פֿון דער פֿליעג צעצע װירקט איבעריגענס, ניט אויף אלעמען. װילדע חיות אונ אײזלען שאַדט ניט דער ביס פֿון דיעזער פֿליעג.

---

## גאנצע װאלקענס פֿון קאמארעס.

אַ קאָמאַר איז פֿיר דעם מענשען ניט געפֿאהרליך, נאר אמאל בעװײזען זיך אויף איין ארט אזױא פֿיעל קאמארען, אז דער מענש קאן זיך בשום אופֿן פֿון זיא ניט אבװעהרען. — אין דיא זומפּען פֿון ארחאנגעלסקער גובערניע איז זומער אונמעגליך צוא לעבען איבער זײא. סײ טהיערען, סײ מענשען אנטלױפֿען פֿון דארט, װיא עס קומט אן דער זומער. אנדערע יאהרען װײזען זיך אזױא פֿיעל קאמארען, אז עס איז גאר ניט משער צוא זײן. אין 1813-טען יאהר, למשל, האט זיך געמאכט אזא מין מעשה אין ענגלאנד. עס איז געװעזען אין מאנאט מאיי, װען דיא קאמארעס היבען נאר אן זיך בעװײזען אויף דער װעלט. מיט אמאל האבען דיא אײנװאהנער פֿון דער שטאדט נאריטש דערזעהען אויף דעם הימעל אַ געדיכטען רויך. פֿון װײטען האט אויסגעװיזען, אז דער רויך שלאגט פֿון אונטערן דאך פֿון דער קאטהעדראל-קירכע. עס איז געװארען אַטומול אונ מען האט גענומען לױפֿען צוא דער קירכע לעשען דיא שרפֿה. באלד איז מען אבער געװאהר געװארען, אז עס האט גאר ניט אנגעהויבען צוא ברענען, אונ אז דער געדיכטער רויך, װאס האט זיך אלעמען אבגעדאכט איז געװעזען אגאנץ גרויסע מחנה קאָמאַרען, װאס זײנען דורכגעפֿלױגען איבער דער שטאדט. אין דעם 1766-טען יאהר האבען זיך אמאל אין אקספֿארד (אויך אין ענגלאנד) בעװיזען אזױא פֿיעל קאמארען אז זײא האבען אויסגעװיזען װיא

אשװארצער

אַ שוואַרצער וואלקען. זייא זיינען געפלויגען גאנץ הויך און האבען פערשטעלט די זונן, צוליעב וואס עס איז געווארען פינסטער.

אין אלטע פארצייטיגע ביכער דערצעהלט זיך, אז אויף דעם פערסישען קיסר סאַפּאָרן זיינען אנגעפאלען קאמארען אין דער צייט ווען ער האט בעלאגערט אַ געוויססע שטאדט. די קאמארען זיינען אנגעפאלען אויף זיין גאנצען מיליטאָר: אויף מענשען, פערד, עלעפאנטען און אויף די לאסט-טהיערען, אללע האבען פון די קאמארען אזויא פיעל געליטען, אז דער קיסר האט געמוזט צונויף קלייבען זיינע מיליטאָר און אוועקגעהן פון דארט. די קאמארען האבען איהם בעזיעגט.

---

## „טרייבער-מוראשקעס"

אין וועסט-אפריקא לעבט אבעזונדערער סארט מוראשקעס, מען רופט זייא „די-טרייבער". זייא פערטרייבען אלע בעשעפעניטען. זייא פרעססען אייף ניט אזויא קליינע, אבער אפילו גרויסע טהיערע. פיעל מאל האט געטראפען, אז די „טרייבער-מוראשקעס" האבען זאָגאַר אבעזיאנעס אויס-געראמט. זייא פערקלייבען זיך אין שטאלען אינ טיידטען אויס די בהמות, וואס שטעהען דארט. היימישע עופות פערטיליגען זייא גאר אהן אצאָהל. זייא בעגעהען זיך מיט זייער רויב אויף אזא'ן אַרט, וויא מיר בעשרייבען דא אונטען.

טרייבער-מוראשקעס האבען אמאל געהאפט אַ הוהן. זייא זיינען איהר בייפאלען פון אלע זייטען און גענומען בייסען. די הוהן האט זיך נעביך געוואָרפען אהער, אהין, געקלאפט מיט די פליעגלען, אבער זיא האט מיט די מוראשקעס גאר ניט געקאנט מאכען. זייא זייען געוועזען גאר אהן אַ צאָהל און עס איז אונמאָגליך געוועזען זייא בייצוקוממען. אז די הוהן איז געפגרט, האבען זיך די מוראשקעס צוטהיילט אויף צווייא פארטיעס. איין פארטיע מוראשקעס האבען גענומען מאכען אַוועג צוא זיך אין נעכט אריין. זייער נעסט איז געוועזען וויט פון דארטען ניינציג קלאפטער. די מוראשקעס האבען אבגעראמט און אויסגעגלייכט די גאנצע לאנגע וועג. אין דערזעלבען צייט האט זיך די אנדערע פארטיע מוראשקעס בעשעפטיגט מיט דער הוהן. פריהער פון אלעס האבען זייא איהר גענומען אבפליקען די פעדערן. צום ערשטען האבען זייא אבגערייניגט די קאָפּיל, נאכדעם די האלז, די מולע אינ די פיסלעך, ענדליך האבען זייא איהר אין גאנצען אזויא ריין ארומגעפליעקט, אזויא וויא עס וואלט געמאכט אמענש. אז זייא האבען דאס אבגעטאהן, האבען זייא גענומען טהיילען די הוהן אויף שטיקליך. דאס האט

האט בייא זייא לאנג געדויערט, אונ דערנאך האבען זייא שטיקליכווייז דיא גאנצע הוהן אריבער געשלעפט צוא זיך אין מוראַשניק.

דיא „טרייבער-מוראשקעס" טיידטען אפילו שלאנגען אויך. צום ערשטען קריעכען זייא ארויף אויף דעם שלאנגס קאפּ אונ נעהמען איהם בייסען דיא אויגען. אז זייא צוא בייסען איהם דיא אייגען אונ ער ווערד בלינד, נעהמען זייא זיך צוא זיין קאָרפּער אונ עסען איהם אויף שטיקליך וויז לעבעדיגערהייט.

מענשען האבען זעהר מורא פאר דיא מוראשקעס פון דעם סארט. וויא מען דער הערט נור אין אַ דארף, אז עס זיינען אנגעקוממען דיא „טרייבער-מוראשקעס" אזויא הייבען אן פון דארט קליין אונ גרויס צוא ענטלויפען. מענשען קאנען אויך מיט זייא גאר ניט מאכען.

---

## וויא דיא וועספּע געהט אויף געיאָג.

אנדערע אינזעקטען קאנען זעהר גוט געהן אויף געיאָג. דיא וועספּע האפּט איינע אליין גריללען, חאטש דער גריל איז פיעל גרעסער פון איהר. זיא טיידט איהם ניט, זיא בייסט איהם נאר איין מיט איהר שטאַכעל אין סאמע מארך, דער גריל שטארבט ניט דער פון, נאר ער פאללט אין אהנמאכט (חלשות). ער בלייבט אזויא ליעגען אונבעוועגליך, ביז עס עסען איהם אויף דיא רויפּען (ווערימליך וואס דער נאך ווערד פון זייא אַ וועספּע) פון דער וועספּע. קיין טוידטע גריללען עססען ניט דיעזע רויפּען. דעמזעלבען קונץ מאכען דיא וועספען מיט שפּיענען אויך. איינער האט געזעהן, וויא אַ וועספּע איז צוגעפלויגען צוא אַנעסט פון אַשפּין, האט זיך אבגעשטעלט בייא דעם ארייננאנג פון דעם נעסט אונ האט גענומען דרעהען מיט איהרע וואָנציליך, פונקט וויא זיא וואלט בעטען דעם שפּין, ער זאל צוא איהר ארויסגעהן. פון נעסט איז ווירקליך ארויס געשפּרונגען אגרויסער שפּינן, צוא זעהן וואס דא־ט טהוט זיך. וויא נאר ער האט זיך בעוויזען, איז אויף איהם ארויפגעפאללען דיא וועספּע אונ האט אין איהם ארייננעשטאכען איהר שטאַכעל. דער שפּין איז באלד אראפגעפאלען אויף דער ערד. נאכדעם איז דיא וועספּע אריינגעקראכען צום שפּין אין נעסט אונ האט דארט אויסגעהרגעט אלע קליינע שפּיענען, וועלכע זיא האט איינציג ווייז איבערגעטראגען צוא זיך אין נעסט אריין.

נאך איינער דערצעהלט, וויא אַ וועספּע האט זיך געיאגט ארום אַ שפּין. פריהער האט זיא איהם ארויסגעטריבען פון זיין נעסט. דער שפּין איז ענטלאפען פון איהר אונ האט זיך בעהאלטען הינטער דעם אויסאַק פון פענסטער. דיא וועספּע איז אויך באלד צוגעפלויגען צום פענסטער,

את געגומען לויפֿען הין את צוריק, פונקט וויא אהונד וואס שפּירט אויס דיא שריט פֿון אַ טהיער. עס האט פֿיעל ניט געדויערט, אונ דיא וועספּע האט אויסגעזוכֿט דעם שפּין. ער איז וויטער אַנטלאָפֿען אונ האט זיך בעהאלטען אונטער אַבעט, נור דיא וועספּע האט איהם דארט אויך געפֿונען אונ גענומען שטעכֿען מיט איהר שטאכֿעל. דער שפּין האט זיך ארויסגעריסען פֿון איהר אונ איז וויטער ענטלאָפֿען. דיא וועספּע איז איהם אבער נאך־געפֿלויגען אונ האט איהם געיאגט פֿון איין צימער אין דעם אנדערן, ביז זיא האט איהם פֿערטריבען אין אַווינקיל. דארט האט זיא שוין פֿון איהם געמאכֿט אסוף. דער נאך האט זיא איהם גענומען מיט איהרע אונטערשטע פיסליך אונ איז מיט איהם אוועקגעפֿלויגען צוא זיך אין נעסט ארײן.

---

# וויא דיא שפּינען גייען אויף געיעג.

דיא שפּינען פֿון זייער זייט האָבען זייער קונציג פֿליעגען. צוא דיזעס צוועק פֿלעכֿטען זייא אויס שפּינוועבס, וואס ווייזט אויס וויא צייג אונ אמאל עכֿט וויא אנעטץ. ניט וויט פֿון דיא שפּיננוועבס, געפֿינט זיך דעם שפּין'ס נעסט, דארט זיטצט ער אונ וואַרט אויף זיין רויב. פֿון דיא שפּינוועבס ציעהט זיך צוא איהם אין נעסט ארײן אַ דינער פֿאַדימיל. וויא אַ פֿליעג ריהרט זיך נור אָן דיא שפּינוועבס אָן, אזויא טוהט זיך דיא שפּינבוועבס אטריסעל אונ דער פֿאַדימיל טהוט זיך אשלעפּ. דערפֿון דערוויסט זיך גלייך דער שפּין, דאס אין זיינע שפּינוועבס איז ארײנגעפֿאַלען אפֿליעג.

דער גארטען־שפּין פֿלעכֿט זעהר קונציג זיינע שפּינוועבס. ער זעהט זיא זאל זיין וואס גרעסער אונ וואס שטארקער. ער פֿלעכֿט צונויף פֿינף, זעכס פֿאַדימליך אין איינעם, כדי אגרויסע פליעג זאל זיא ניט קאנען איבערייסען. דער שפּין ווארפֿט אריבער זיינע שפּינוועבס פֿון איין בוים אויף דעם אנדערען. אַלאנגע צייט האָבען מענשען ניט פֿערשטאנען, וויא ער מאכֿט דאס. נור היינט ווייס מען שוין. ער מאכֿט דאס אויף עטליכֿערליי אופֿנים. ער קלעפּט צונויף פֿון שפּינוועבס אקניילכֿיל אונ בעפֿעסטיגט איהם שטארק צוא דיא שפּינוועבס. דער ווינט חאפּט אָן דעם קניילכֿעל אונ טראגט איהם אפּ אָן אוויט. דער קניילכֿיל פֿערצעפּעט זיך ערגעץ אָן אַ בוים. מעהר וויא דאס דארף דער שפּין ניט. איבער דיא שפּינוועבס, אזויא וויא איבער אבריק, געהט ער אריבער אויף דעם נייען בוים אונ דארט וועבט ער וויטער שפּינוועבס. עס טרעפֿט אויך אמאל, אז ער בעגעהט זיך גאר אהן אקניילכֿיל. ער לאזט זיך אליין אראב פֿון דיא שפּינוועבס אונ בלייבט אזויא הענגען ביז דער ווינט ווארפֿט איהם ארויף אויף איין אנדער בוים.

אבאל קליבט זיך איבער דער שפין פֿון איין בוים אויף דעם אנדערן ניט אין דער לופֿטען, נור פשוט געהענדיג איבער דער ערד. מען האט בעמערקט שפינוועבס פֿון זיעבען קלאַפֿטער דיא לענג. אויף דעם אינזעל יאַוואַ וועבען אויס אנדערע שפינען אזא שטארקע שפינוועבס, אז עס פֿער-פלאנטערן זיך אין איהר אפֿילו קליינע פֿייגעלעך.

ווען דער שפין זעהט, אז זיין געוועב איז שלעכט אנגעצויגען, ציעהט ער איהר אָן שטייפֿער דורך קליינינקע שטיינדעלעך וואס ער הענגט אָן אויף דיא ברעגעס. איינער דערצעהלט, אז ער האט געזעהן, וויא אַ שפין האט שטייפֿער אנגעצויגען זיין געוועב. צום ערשטען האט ער זיך אויף אדינעם פֿאָדימעל אראבגעלאזען אויף דער ערד און האט אויפֿגעהייבען אקליין שטיינדעלע, דערנאך האט ער זיך צוריק אויף געהייבען צוזאמען מיט דעם שטיינדעלע און האט איהם אנגעהאנגען צום אונטערשטען ברעג פֿון זיין געוועב.

דער שטיינדעלע איז געהאנגען אזויא הויך אז מענשען האבען געקענט דורך געהן אונטער איהם און איהם ניט פֿערציפּען.

איין שפין האט אמאל געמאכט זיין געוועב צווישען צוויי סלופעס און האט דעם אונטערשטען עק צוגעבונדען צוא אַ ניעדעריגען ביימעל. ער האט אבער איהם צוא נידעריג צוא געבונדען און מענשען פֿלעגען איהם ניט חילענדיג איבעררייסען. דעריבער האט זיך דער שפין מישב-געווען און אויפֿגע-הערט צוא ציבינדען צום ביימעל. אנשטאט דעם האט ער גענומען אקליין שטיינדעלע און האט איהם איינגעוועבט אין זיין געוועב. דער שטיינדעלע האט מיט זיין געוויכט ניט ערגער וויא פֿריהער אנגעצויגען דאס שפינוועבס.

בייא איין זייגער מאכער איז פֿערפֿאללען געווארען אגאלדענער רינגעלע. דער זייגער-מאכער האט גענומען זוכען, דאַן האט ער געפֿונען דעם רינגעלע איינגעדרעהט אין שפינוועבס אויפֿ'ן באלטען. דער שפין האט גענומען פֿון מיש דעם רינגעלע און האט איהם איינגעדרעהט אין זיין געוועב אנשטאט אשטיינדיל;

ניט שטענדיג עסען אויף דיא שפינען דעם רויב גלייך, וויא זייא האפּען איהם. אָפֿט לאזען זייא עס איבער אויף שפעטער. אנדערע שפינען מאכען צוליעב דעם בעזונדערע שפייכלערין און בעהאלטען דארט דעם רויב. איינער האט געזעהן, וויא אקליין שפין האט איבערגעטראגען צוא זיך אין שפייכלער א פֿליעג, וואס איז געוועזען פֿיעל גרעסער פֿון איהם. צום ערשטען האט ער פֿערוועבט מיט שפינוועבס דיא פֿליעגס קאפּ, נאכדעם איהר עק, דער נאך האט ער איבערגעביסען דיא שפינוועבס בייא דיא פֿליעגס קאפּ. דיא פֿליעג האט זיך דאן איבערגעקולעט און געבליעבען הייגען מיטן קאפּ אראב. יעצט האט דער שפין ווידער פֿערוועבט דיא פֿליעגס קאפּ און האט שוין איבערגעביסען

איבערגעביסען דיא שפינוועבס לעבען דיא פֿליעגס עק. דיא פֿליעג האט זיך וויטער איבערגעקעהרט אונ זיך אראבגעלאזען נאך נידעריגער. אט אזויא האט דער שפין ווידערהאָלט עטליכֿע מאל, ביז ער האט געבראַכֿט צושלע-פען דיא פֿליעג צוא זיך אין שפייכֿלער אריין.

אז עס מאַכֿט זיך, אז צום שפין אין נעטץ פֿאלט אריין אַ צוגרויסע פֿליעג, אַביען אדער אַ וועספּע, וואס ער וויס, אז ער וועט איהר ניט בייא קוממען, לאזט ער איהר וואס גיכֿער פֿרייא.

מען האט פֿיעל מאל געזעהן, וויא דער שפין האט אליין איבערגעביסען דיא שפינוועבס, כדי דיא פֿערפלאנטעטע פֿליעג זאל וואס גיכֿער פֿרייא ווערין פֿון זיין נעטץ.

עס איז דא אזוינע שפינען, וואס פֿלעכֿטען ניט קיין נעטצען. זייא לויפֿען פראסט ארום איבער דער ערד אונ האפען רויב, וואו עס מאַכֿט זיך. זייא רופֿען זיך דערצאיבער אָן בראָדיאַגעס. אנדערע שפינען מאַכֿען זיך אבעהאָלטעניש, פֿון וואנען זייא לויערן אויף רויב. זייא דרעהען צונויף אַ בלעטעלע פֿון וואס עס איז פֿיר אבלום, קלעפען צונויף זיינע עקען מיט שפינוועבס, זעטצען זיך אריין אינעווייניג אונ ווארטען אויף רויב. וויא עס קריעכֿט נאר פֿארבייא אַ פֿליעגעלע, פֿאלט דער שפין אויף איהר גלייך ארוף אונ טיידט איהר. עס איז דא אזוינע שפינען, וואס בעהאלטין זיך אין דיא בלומען גופֿא אונ פֿאנגען דארט פֿליעגען.

אין דיא הייסע לאָנדער פֿון אמעריקע לעבט אגרויסער סארט שפינען, וואס מען רופֿט זייא „דיא פֿייגיל-פֿרעסער". דיעזע שפינען זיינען לאנג כמעט אַ האלב ארשין. איינער וואס האט גערייזט איבער אמעריקע דערצעהלט, אז ער האט אַמאל געזעהן אויף אבוים אגאנץ גרויסען האָריגען שפין. דער קאָרפּער אונ דיא פיס פון שפין זיינען געוועזען בעדעקט דורכאויס מיט האר. דער שפין איז געוועזען פערטהאָן אין זיינע שפינוועבס. „איך בין צוגעגאנגען נאָהענטער, דערצאָהלט דער רייזענדער, אונ איך האב דערזעהן אז צווייא קליינע פֿייגעליך זיינען געלעגען פֿערפלאנטערט אין דיא שפינוועבס. דיעזע פֿייגעליך זיינען געוועזען גרויס וויא אַ ציזיק אונ דעננאך האבען זייא ניט געקאנט צעררייסען דיא שפינוועבס. איינע איז שוין גיוועזן טוידט. דיא אנדערע איז געלעגען אונטער דעם שפין קוים אלעבעדיגע. דער שפין האט זיא בעשפייט מיט זיין קויטיגער סלינע. איך האב אוועקגעטריבען דעם שפין אונ צוגענוממען דיא פייגעלע, אבער זיא איז באלד געשטארבען".

# וויא טהיערען שיטצען זיך.

טהיערען, וואס נאָהרען זיך מיט פֿלייש, קאָנען דאס זעהר גֶעשיקט בעקוממען. ניט יעדעס טהיער קאן פֿון זייא ענטלויפֿען. אבער אללע טהיערען זייא קליינע אזויא גרויסע, לאזען זיך ניט גלייך נעהמען אונ שטרייטען פֿיר זייער לעבען ביז דעם לעצטען טראפּען בלוט. דאס לעבען איז אללעמען טהייער אונ קיין טהיער גיעט ניט אוועק איהר לעבען אומזיסט.

יעדעס טהיער קאן בעשטעהן פֿאר זיך, אונ וועגדט אָן אללע קראַפטען זיך צוא רעטען פֿון איהר פֿיינד. ווער עס רעטעט זיך מיט זיינע גרינגע אונ לויפֿענדיגע פֿיס, ווער מיט זיינע שאַרפֿזיכטיגע אויגען, ווער דערמיט, וואס ער דער הערט גוט, דערשמעקט באלד, אונ ווער מיט וואס אנדערס. דער יאָזיק רעטעט זיך מיט זיינע נאדלען: אז ער דערפֿיהלט נאר אַגעפֿאהר, דרעהט ער זיך צונויף וויא אַקנויל, דעמאלט וועט איהם שוין קיין וואלף, אונ קיין הונד ניט אנריהרען.

דער האז רעטעט זיך מיט זיין לויפֿען, ער לויפֿט אזויא גיך, אז קיין וואלף קאן איהם ניט דעריאגען. איסער דעם, אבוואהל דער האז איז אַ שרעקעדיגער, איז ער דאך געשיידט אונ פֿלינק, ער קאן אזויא פֿער-פלאנטערן זיינע טריט, אז עס וועט ניט זיין קענטיג וואוהין ער איז ענטלאָפֿען. איין האז, וואס האט דערזעהן, אז נעבען זיין נארע דרעהען זיך ארום הינד אונ שפּיהרען איהם, איז אליין ארויסגעלאָפֿען פֿון זיין לאך אונ איז אריין גע-שפּרונגען אין וואססער: ער האט פֿערשטאנען, אז דיא הינד וועלען אונטערן וואססער זיינע טריט ניט געפֿינען. איין אנדער האז האט נאך מעהר פֿערשטאנד בעוויעזען. נאך איהם האבען זיך נאך געיאגט הינד. ער איז געלאָפֿען וויא ער האט נאר געקאנט. ער האט שוין אבער מעהר קיין קראַפֿטען ניט געהאט צוא לויפֿען. מיט אמאָל האט ער דערזעהן אויף'ן וועג אַ נאָרע פֿון איין אנדער האז. ער האט ניט געמאכט קיין ישוב ודעת אונ איז גלייך ארייגעלאָפֿען אהין. דאָרט איז געזעסען דער ווירטה פֿון דיא נארע, אבער אונזער האז האט איהם ארויסגעטריבען. דיא הינד האבען פֿון וויטען בעמערקט, אז עס איז אריינגעלאָפֿען אין נארע אַ האז אונ באלד צוריק ארויס געלאָפֿען, אונ האבען ניט פֿערשטאנען, אז דאס איז צוויי בעזונדערע האזען. זייא האבען זיך געלאזט יאגען נאך דעם ענטלאָפֿענעם האז, אונ צוא דער נארע זיינען דיא הינד גאר ניט צוגעגאנגען. דער ערשטער האז איז זיך אזויא געבליעבען אין נאָרע. דאָרט האט ער זיך אבגערוהט אונ איז אוועק צוא זיך אהיים. אדריטער האז האט זיך גערעטעט פֿון הינד דערמיט, וואס ער איז אריין געלאָפֿען אין אַ שטאלל פֿון שאָפּסען אונ האט זיך צווישען דיא שאָפּסען

בעהאלטען

בעהאלטען. אמאל, ווידער, האבען הינד געיאגט אהאז. זייא האבען איהם שוין כמעט געהאפט, מיט אמאל האט ער זיך אַווארף געמזהאָן צוא אסטאדע שאָפסען, אונ איידער דיא הינד האבען זיך ארומגעזעהן, איז ער דורכגעקראכען בייא דיא שאָפסען צווישען דיא פיס אונ האט זיך בעהאלטען אין סטאדע. ניט דיא פאסטוכער, ניט דיא הינד, ניט דיא יאֶגער האבען איהם געקאנט פון סטאדע ארויסטרייבען. דיא שאֶפסען האבין זיך דערשראקען אונ גענומען לויפען, דער האז איז אויך געלאפען מיט זייא, אבער פון סטאדע איז ער ניט ארויס.

פיעל מהיערען זיינען זיך מציל פון טויד דורך ליסטיגקייט אונ פערשטאנד. אנדערע רעטען זיך מיט זייערע שפיציגע צאֶהנער אונ שארפע הערנער. אללע וייסען וויא געפאֶהרליך עס איז דאס געיאָג אויף דעם ווילדען חזיר. ער האט זעהר שארפע צאֶהן מיט וועלכע ער קאן זיך זעהר גוט בענוטצען. זיין שטיינער איז אבים צוגעבען זיין פיינד מיט דיא שפיטציגע צאֶהנער אונטען אין פוס אדער אין בויך. מעהר וויא אללע ליידען אויפין געיאָג פון ווילדע חזירים דיא הינד. אלטע אונ שטארקע ווילדע חזירים האבען קיין מורא ניט אנצופאלען אויף פערד אונ אויף מענשען אויך.

אין אמעריקע לעבט אקליינעס שאָנעס מהיערעלע. דיעזעס מהיערעלע איז עטוואס גרעססער פון אונזער קאטץ, נאר דיא לאפעס זיינען בייא איהר קירצער וויא בייא אקאטץ. צאֶהנער האט עס געוואֶהנליכע אונ זיינע נעגעל זיינען אויך ניט קיין געפאֶהרליכע. עס איז, דוכט זיך, ניט דא פיר וועמען מורא צוא האבען. דעננאך שרעקען זיך אללע פאר איהם, סיי מענשען, סיי מהיערען. דיזע מהיערעלע אליין פערקעהרט איז גאר ניט קיין שרעקענדיגע, עס האט קיין מורא ניט אפילו צוצולאזען גאר נאהענט צוא זיך. איין אמעריקאנער דערצעהלט, אז זיין קאָבין האט עטליכע טאג נאך אנאנד בעמערקט אז אין קעלער ווערד בייא איהר פערפאללען פלייש. אין אנפאנג האט זיא געמיינט אז דאס איז דיא קאטצס ארבייט. זיא האט פערשפארט אינ פערשטאָפט אלע אֶרטער פון וואנען דיא קאטץ וואלט געקענט דורך קריעכען אין קעלער אריין, נור דאס האט אבער ניט געהאלפען. דעמאלט האט זיא זיך בעשלאסען אבצוהיטען דעם גנב. איין מאל בייגאכט האט זיא דערהערט, אז אין קעלער קלאפט עפעס, זיא איז אראב געגאנגען אקוק טהאן, וואס איז דארט אזעלכע, האט זיא דערזעהן אקליין חיה'לע, וואס איז געווען גרויס וויא אקאטץ. דער רוקען איז בייא דיעזע חיה'לע געווען אוייסער, אליין איז זיא געווען טונקעל-ברוין; דיא מארדע אויסגעצויגען. דיא חיה'לע איז זיך געזעסען אינ האט רוהיג געקוקט אויף דיא קאָבין. דיא קאָבין האט ניט געוואוסט וואס דאס איז פיר אמין חיה. זיא האט געחאפט אשטעקין אונ האט איהר געגעבען אזעטץ, אין דער זעלבער מינוט האט זיך

דיא

דיא חיה'לע אומגעקעהרט צוא איהר מיטן הינטען אונ האט איהר אשפריטץ געגעבען מיט עפעס גליק אין פנים אריין. באלד איז געווארען אין קעלער אזא שטינקעריי, אזא שווערער גערוך, אז עס איז געוועזען דערשטיקט צוא ווערען. דיא קאַבין איז באלד ארויסגעלאַפען פון קעלער אונ איז אריין אין שטוב. אבער עס האט פון איהר אזויא געשטונקען, אז מען האט איבער איהר געמוזט פון שטוב ענטלויפען. דיא ארימע קאַבין האט זיך געביך געוואשען אונ געזייפט אונ עס האט קיין זאך ניט געהאלפען; זיא איז זאגאַר געלעגען עטליכע טאג קראנק. אלע שפייזען, וואס זיינען געשטאנען אין קעלער האט מען געמוזט ארויס ווארפען — אזויא האט פון זייא געשטונקען.

דיא שיינע חיה'לע האט מען אנאמען געגעבען וויא זיא האט פערדיענט מען רופט זיא „דיא-שטינקערין". נעבען עק האט זיא אזעלכע זאַקליך, פון וועלכע ז'א קאן שפריצען מיט זעהר אשטינקעדיגע פליססיגקייט. דורך דעם רעטעט זיא זיך פון איהרע פיינד. זאַגאַר טהיערען קאננען ניט פער טראגען דעם שווערען גערוך פון דיעזער פליססיגקייט. אַ רייזענדערד ערצעהלט, אז איהם האט זיך אמאל געמאכט צונאַכטיגען אונטערוועגס אויף אַ הויף אונטערן פרייען הימעל. אויפ'ן הויף איז געלעגען אגעקוילעטע שאַפס. בייא נאַכט איז פערקראכען אין הויף דיא שטינקערין. דער הונד האט זיא דערזעהן אונ האט איהר ארויסגעטריבען. מיט אמאל איז געווארען אויפ'ן הויף אזא שטינקעריי, אז דער רייזענדער האט געמיינט, אז אט ווערט ער דערשטיקט, אפילו דיא קיה האבען גענומען שרייען מיט אללע קראַפטען. דיא פערשפריצטע הינד האט מען עטליכע טאַג אין הויף ניט אריינגעלאזען.

אין דיא אַקעאַנען לעבען אזוינע וואָרים, וועלכע מען רופט דיא טינטען-פיש. בייא דיעזע וואָרים אין בויך איז דא אזא זאַקעלע וואס איז פול מיט שווארצע פארב. אז עס מאכט זיך, אז זייא דארפען זיך רעטען פון אַ פייגד וואס שווימט זייא נאך אונ וויל זייא חאפין, גיסען זייא ארויס דיא שווארצע פארב פון זאַקעל. דאס וואססער ווערט דערפון אזויא שווארץ, אז דעם פיינד איז אין אזא וואסער אונמאָגליך צו זעהן דיא טינט-פיש.

---

## וויא טהיערען העלפען זיך איינער דעם אנדערן אונ שיטצען זיך מיט אלגעמיינע קרעפטען.

פיעל חיות רעטען זיך פון זייערע פיינד מיט אללגעמיינע קרעפטען. אנדערע טהיערען זיינען איינציג ווייס גאר ניט שטארק אונ שרעקליך, נאר צוזאמען מיט איבעריגע קאנען זייא זיך רעטען פון דיע גרעסטע רויבער אונ אמאל נאך אפילו איין נעהמען זייער פיינד, וואס איז גראָססער אונ

שטארקער פֿון וויא. ווער וואללט גלויבען, אז קראָליקעס קאננען טוידטען אשטשור? עס איז אבער דאך אזויא. איינער דערצעהלט: „איך האלט בייא זיך אין שפייכלער 30 אַזיאַטישע קראליקליך. ניט לאנג האבען שטשורעס צוביסען עטליכע קראליקליך. אויף מארגען, ארייננעהענדיג אין שפייכלער, האט מיין דיענער בעמערקט, אז אלע קראליקעס האבען זיך צונויף געשפארט אין איין קופקעלע אין אַווינקעלע. אז איך בין צוגעגאנגען צוא זייא נאָהענטער, האב איך דערזעהן לעבען זייא צווייא„ שטשורעס. איינער איז שוין געוועזען טוידט. דער אנדערער איז געוועזען צוביססען אונ צוריססען אונ קוים קוים אלעבעדיגער; ער האט שוין קיין קראַפֿטען ניט געהאט אוועק צוגעהן פֿון ארט„.

צווישען אייגענע אונ פֿריינדע איז פֿיר טהיערען, אזויא וויא פֿיר מענשען, אפילו דער טויד אנגענעהם. צווישען אייגענע איז יעדעס טהיער מוטהיגער אונ קאן זיך בעסער שיטצען געגען פֿיינדע.

דיא אמעריקאנישע בופֿעל-אָקסען שיטצען זיך אויסגעצייכענט געגען וואָלף. אז זייא דערשמעקען, אז וואָלף געהען, קלייבען זייא זיך צוזאמען אין איינעם. דיא שלאפֿערע אונ דיא קאָלבער פֿעררוקען זיך אין רעכטען מיטען פֿון סטאדע אונ דיא שטארקסטע שטעלען זיך ארום אונ ארום מיט דיא הערנער פֿאראויס. דעמאלט קאננען דיא וואָלף אפֿילו ניט צוטרעטען צוא זייא. ווילדע חזירים געהען אויך ארום סטאדעס-וויים אונ שיטצען זיך צוזאממען געגען זייערע פֿיינד. איין ענגלאָנדער האט בעגעגענט אין וואלד אסטאדע ווילדע חזירים. זייא זיינען געשטאנען וויא אַ ראד, דיא קלענערע אין מיטען אונ דיא גרעסערע ארום אונ ארום מיט דיא קאָפּ פֿאראויס. ער האט בעמערקט, אז נעבען דער סטאדע האט זיך ארומגעדרעהט אוואלף, וואס האט מיט אלע מעגליכקייטען געוואלט זיך אריין חאפּען אין סטאדע אונ אוועק שלעפען אַחזיריל. דער ענלאָנדער האט בעדארפֿט אוועק געהן. אין אשעה ארום איז איהם אויסגעקומען ווייטער דורך געהן פֿארביי דעם אייגענעם ארט. דיא חזירים זיינען שוין ניט געוועזען דעמאלט אונ אויף דער ערד איז געלעגען דער וואלף אצוריסענער אויף שטיקער. אין אנדער יאָגער דער צעהלט, וויא היימישע שווינען האבען זיך געשיטצט געגען צווייא וואָלף. דיא שווינען האבען זיך אויסגעשטעלט וויא אקלין מיטין שפיטץ פֿאראויס אונ זיינען מיט האַסט אנגעפֿאלען אויף דיא וואָלף. איין וואלף איז ענטלאפֿען אונ דער אנדערער האט זיך צוגעשפארט צוא אבוים. ער האט געוואלט אריבער שפרינגען איבער דיא חזירים, אבער עס האט זיך איהם ניט איינגעגעבען. דיא שווינען האבען איהם אניעדערגעווארפֿען אונ צוריסען.

טאבונעס פֿערד שיטצען זיך אויך אויף דעם אופֿן פֿון וואָלף. דיא

גרויסע אזיאטישע בופֿעל-אָקסען קאנען בייקוממען אפֿילו דעם שרעקליכען טיגער. אז אטיגער פֿאלט אן אויף אבופֿעל-אקס לויפֿען צוא דיא איבעריגע בופֿעל-אקסען אונ טרייבען געשווינד אוועק דעם טיגער. זאָגאַר דיא פאסטוכֿער וואס פֿיטערען דיא בופֿעל-אקסען האבען קיין מורא ניט זייא צוטרייבען טיעף אין וואלד, ווייל זייא ווייסען זעהר גוט, אז דיא בופֿעל-אקסען וועלען זייא שוין שיטצען געגען דעם טיגער.

איינער דערצעהלט, אז אמאל איז אטיגער אנגעפֿאללען אויף אפאסטוך פֿון בופֿעלאקסען. אבער וויא זייא האבען נור בעמערקט, אז זייער פאסטוך איז אין געפֿאהר מיט דעם לעבען, האבען זייא אלע זיך אווארף געטהון צום טיגער, וועלכֿען זייא האבען ארויפֿגענוממען אויף דיא הערנער אונ גענומען ווארפֿען איינער צום אנדערן וויא אפילקע. זייא האבען איהם אזויא צוקיילט אונ צובייעלט אז ער איז אויף'ן ארט געפֿאללען טוידט. נאך אַרייזענדער דערצעהלט, אז ער האט געזעהן וויא אסטאדע בופעל-אקסען האבען זיך מיט גרויס כעס נאך געיאגט נאך אטיגער אונ וויא זייא האבען איהם לאנג געזוכט צווישען דיא בוימער וואהין ער איז אנטלאפֿען.

פֿייגלען פֿערשטעהען אויך זיך צושיטצען געגען פֿיינדע מיט אַללגעמיינע קרעפֿטען. איין מאל זיינען שווארצע דראָזדען (אזא מין פויגעל) בעפֿאלען אקאטץ, וואס האט זיך בעהאלטען אין קוסטעס. דיא קאטץ האט זיך קיין ארט ניט געפֿונען פֿון זייא. דיא דראָזדען האבען איהר געפיקט, געצופט אונ געשלאגען מיט דיא פֿליגעל. דיא קליינע וועבער-פֿייגעליך שיטצען זיך אויף דעמזעלבען אַרט געגען אבעזיאנעס. דיא מעער-שוואלבען פֿאלען אָן צוא-זאממען מיט אגאנצע סטאדע אויף דעם פֿייגעל פאָמאָרניק (ברעג-וואהנער). דיעזער פֿייגעל לעבט מעהר פֿון רויבעריי אונ אָפֿט בעליידיגט ער דיא מעער-שוואלבען אויך. אבער ניט אללע מאל לאזען זייא זיך בעליידיגען. זייא קאננען בעשטעהן פֿיר זיך. זייא קלייבען זיך צוזאממען אין גאנצע סטאדעס אינ פֿאללען אָן אויף דעם ברעג-וואהנער. דעמאלט קאן דיעזער גרויסער פֿייגעל אויך מיט זייא גאר ניט מאכֿען אונ ער פרייעט זיך, אז ער קאן ענטלויפֿען פֿון זייא.

---

## צוא אפוללע טהיערען נעהרען זיך מיט פליישיגע שפייז?

איינינע טהיערען זיינען אזויא בעשאפֿען, אז חוץ פֿלייש קאנען זייא גאר ניט עסען. דער לייב אדער דער וואלף, צום ביישפיעל, קאנען גיט קייען קיין גראז, זייא וואלטען מיט גראז קיין מאל ניט זאַט געווארען. אנדערע

טהירע:

טהיערען, פֿערקעהרט, וועלען בשום אופֿן ניט עסען קיין פֿלייש. אַ קוה, צום ביישפיעל, וועט זיך צוא פֿלייש ניט אנריהרען, עס טאג ליעגען לעבען איהר אַ גאנצען טאג. עס איז וויעדער דא טהיערען וואס עסען אלץ, וואס עס כאַפּט זיך.

וועלכערליי טהירען איז דא מעהר אויף דער וועלט?

וועלכע שפייז עס איז מעהר דא, אזעלכע טהירען זייען מעהר דא. שפייז אבער איז דא אויף דער וועלט מעהר פֿון געוואַכסע, גראז, וויא פֿון פֿלייש.

אלעס וואס וואכסט אין וואַלדער, אויף לאַנקעס אונ פֿעלדער, אלערליי גראזען, ווארצלען, בלאַטער, צווייגען, פֿרוכט — דאס אלעס איז שפייז פֿיר טהיערען.

ווען קיינע טהיערען וואלטען זיך ניט נאַהרען מיט גראז אונ געוואַכסע אונ וואלטען נאר געפֿרעסען איינע דיא אנדערע, וואלט אויף דער וועלט אין אקורצע צייט קיין לעבעדיגע בעשאַפֿענים גיט געבליעבען. דיא גרעסערע וואלטען אויף געגעסען דיא קלענערע אונ דערנאך אז עס וואלט שוין ניט געבליבען וועמען צועסען, וואלטען זייא אליין אויך אויסגעפגרט פֿון הונגער. אויף דער וועלט איז מעהר דא אזוינע טהיערען וואס נאַהרען זיך מיט גראז אונ געוואַכסע.

דיא פֿלייש פֿרעססענדע טהיערען דאַרפֿען האבען גענוג קראַפֿטען, געשיידקייט אונ פֿערשטאנד, אום זיך צוא פֿערשאַפֿען שפייז, אבער פֿיר דיא גראז פֿרעסענדע טהיערען איז אויך ניט לייכט צושטילען זייער הונגער. זייא קוממט איך גענוג שווער אָן זייער שפייז.

---

## וויא דיא גראז פרעססענדע טהיערען שאפען זיך שפייז.

עס איז דא פֿיעל טהיערען, פֿישען, זשוקעליך, פֿליעגען, שלאנגען, שמעטערלינגען אונ אלערליי אנדערע לעבעדיגע בעשעפֿענישען, וואס שפייזען זיך מעהר ניט וויא מיט גראז אדער בלאַטער, מיט פֿרוכט אדער בלומען מיט האָלץ אדער קאָרע אונ עס איז דא אזוינע טהיערען וואס עסען אלץ, סיי גראז, סיי בלומען, סיי האָלץ, סיי קאָרע אונ ז. וו. יעדער גראַזעלע, יעדער שפראָצונג שפייזט וועמען עס איז; איינער אגעלעהרנטער מענש האט געוואלט וויסען וויפֿיעלערליי מינים פֿליגעליך אונ זשוקעליך געפֿינען זיך אויף דעם גרויסען דעמבען בוים אונ אויף דיא קליינער קראפיווע. פֿון אַלערליי פֿליעגען אונ זשוקליך, וואס האבען זיך געפֿונען אויף דעם בוים אונ אויף דער קראפיווע האט ער געחאפט צוא איינע את האט אויפֿמערקזאם בעטראַכטעט

יעדערער

יעדערע בעזונדער. דיא ארבייט האט בייא איהם צוגענומען גענוג צייט; דער פֿאר אבער האט ער ערפֿאַהרען, אז אויף דעם בוים לעבען מעהר וויא 200 פֿערשיעדענע מינים פֿליעגעליך אונ זשוקליך אונ פֿון יעדער מין גאר אָהן אַשיעור. וויעדער האט ער בעמערקט אז 157 סארטען פֿון זייא שפייזען זיך נור מיט בלאָטער אונ מיט קנאָספען, 15 סארטען עסען נור קאָרע, אונ 12 פֿון זייא שפייזען זיך נור מיט דיא איבערגעפֿוילטע טהיילען פֿון דעם בוים. נאך האט ער בעמערקט, אז צווישען דיא 200 סארטען פֿער־שיידענע בעשעפֿענישען איז געוועזען 50 מינים, וואס מעהר וויא אויף דעם דעמב זעהט מען זייא ניט אויף קיין בוים. זייא לעבען נאר אויף דעמבעס.

דיא קליינע קראפיוועֿ בלאַט — האַלט אויך אוים 50 מינים בעשעֿ־פֿעניטען. יעדער מין קלייבט זיך אוים דאס וואס איהם איז בעסער אונ געשמאקער. איין מין האט ליעב ווארצלען אונ עססט קיין אנדער זאך ניט וויא ווארצלען; איין אנדער מין עססט נור דעם שטאנג פֿון בוים ד. ה. דעם בוים גופֿא אונ זיינע צווייגען; אַ דריטער מין שפייזט זיך נור מיט דיא בלאָטער, אַ פֿיערטער נאר מיט דיא פֿרוכֿט אליין אדער מיט דיא זוימען אַ פֿינפֿטער עססט דוקא דיא בלומען אונ בליהונג, אונ אַ זעכסטער מין האט נאר ליעב שאָלאַכֿץ פֿון זוימען.

אונ אזויא איז מיט אַלע געוואָכסען: יעדער טהייל פֿון דעם געוואָכסע האט זיך זיינע פֿיינד, וואס זעצען זיך אָן אויף איהם אונ עסען איהם. קאָרן אונ ווייץ, צום ביישפיעל, האבען צעהנדליגע פֿיינד, פֿערשיעדענע זשוקעליך, וואָרימליך, פֿליעגעלעך, וואס לאזען ניט איבער אונ שוינען ניט נאך ניט איין טהייל פֿון דיעזע געוואָכסע. דיא ווארצלען, דיא זאַנגען, דיא קאָרנער, דיא בליהונג, בקיצור קיין זאך איז ניט זיכֿער געגען דעם אפעטיט פֿון זייערע קליינע פֿיינדע, וועלכֿע זייען אין רוססלאנד גאנץ גוט בעקאנגט. עס געהט נאך ניט אוועק אַ יאהר וואס זייא מאַכֿען ניט אומגליקליך דיא ערד־ארבייטער פֿון איין גוברענע אדער פֿון דער אנדער גוברניע. זייא מאַכֿען יאהר צוא יאהר חרב ניט טויזענדע, נאר צעהנדליגע טויזענדע דעסיאטינעס ערד; אָפֿט טרעפֿט, דאס צוליעב זייא ליידען הונגער טויזענדע מענשען. ביז היינטיגען טאג נאך — איז דער מענש ניט אים שטאנד זיך צושיטצען געגען זייא, אדער זייא בייא צוקוממען. עס איז פֿיר דעם מענשען אומגליך צושטרייטען מיט פֿיינדע וואס זייען גאר אָהן אַשיעור.

---

# וועגען דיא היישעריקען

צווישען אלע שאֶדליכֿע בעשעפֿענישען זייען שרעקליכֿער פֿון אלע דיא היישעריקען. זייא זיינען דא זעהר פיעל און יעדער היישעריק בעזונדער איז אשרעקליכֿער פֿרעסער און ווערד קיין מאל ניט זאַט. דער היישעריק פֿרעסט אלץ, וואס נאר עס מאכט זיך איהם. ער בראקירט ניט מיט קיין שפייז. דיא היישעריקען קומען אמאל אין אזעלכֿע גרויסע מיינגעס, אז עס איז זיך גאר שווער פֿארצושטעלען. עס האט געטראפֿען, אז עס איז אנגעפֿאלען אזא שרעקליכֿע מיינגע היישעריקען, וואס האט בעדעקט אַ שטרעקע פֿון 1000 קוואדראטנע ווערסט אויף אנדערטהאלבען ארשין. אין יאהר 1784 האט זיך אין אלזשיר בעוויזען אינטער דעם הימעל אַ וואלקען פֿון היישעריקען, וואס האט געהאלטען 30 ווערסט אין דיא לאֶנג און 5 אין דיא ברייט. אזא וואלקען פֿון היישעריקען האט אמאל דער ווינד פֿערטראגען אין מעער, און זייא זיינען דערטרונקען געווארען, פֿון דיא טוידטע היישעריקען איז בייס ברעג דער גרונד פֿון מעער אויף אַ שטרעקע פֿון 70 ווערסט געווארען העכֿער אויף אַ האלבען קלאפטער. אין זיד רוסלאנד זעהט מען היישעריקען גאנץ אָפֿט, אבער אזעלכֿע גרויסע מאססען וויא עס בעוויזען זיך אין עגיפטען (מצרים) איז נאך בייא אונז אין רוסלאנד ניט געוועזען. אין עגיפטען קוקט מען ביז היינטיגען טאג אויף דעם היישעריק וויא אויף אַ שטראף פֿון גאט. דיא היישעריקען פֿרעססען אויף יעדעם בלאֶטעלע, יעדעס גראֶזעלע. אין עטליכֿע שעה מאכֿען זייא פֿון אגביר אקבצן. דער וואס האט אין דער פֿריה נאך געהאט שיינע פֿעלדער פֿול מיט תבואה, — קאנן זיך אמאל אויף דער נאכֿט לייגען שלאפֿען מיט גאר ניט: היישעריקען זיינען בעפֿאלען בייטאג אויף זיינע פֿעלדער און האבען פֿון גאר דיא תבואות אַזכֿר ניט געלאזען. דיא איינוואהנער פֿון דאֶרפֿער קלייבין זיך צוזאממען אין קאמפאניעס אינ שלאגען דיא היישעריקען מיט שטעקענס און מיט ברעטער, טרייבין אויף זייא ארוף בהמות, צינדען אן, ברענען זייא מיט פֿייער, אבער עס העלפֿט קיין זאך ניט. דיא היישעריקען איז שווער זאט צוא מאכֿען. גאנצע פֿעלדער און וואָלדער וויען פֿיר אזא סטאַיע היישעריקען וועניג אויף איין מיטאג.

אין פֿראנקרייך האבען אמאל היישעריקען אויף געגעסען אגאנץ גרויסע פֿעלד אין איין האלבער שעה. אז זייא האבען אויפֿגעגעסען גאר דיא תבואות, האבען זייא זיך גענומען צוא ארבעס אינ וויינטרויבען. וויא זייא האבען געענדיגט דער מיט, האבען זייא גענומען פֿרעססען דיא בלעטער פֿון דיא בוימער וואס זייען דארט ניט וויט געוואכסען. גאר נאך אלעמען

האבען

האבען זייא געגומען גריזען **דיא** קאָרע. עס טרעפֿט, אז זייא פֿרעססען אלסדינג איף אונ זייא זייען נאך אלץ ניט זאַט. דעמאלט נעהמען זייא זיך פֿרעסען איינער דעם אנדערען.

אראב טרייבען אַשוואַרם היישעריקען פֿון אַ פֿעלד איז אונמאָגליך. ביז וואנען זייא פֿרעססען ניט אויף אלעס ביז אבראָקיל, געהען זייא פֿון ארט ניט. ווען דיא הויפט ארמעע היישעריקען געהן שוין אוועק פֿון פֿעלד, בלייבט נאך פֿון דעסטוועגען אפֿולע היישערקען איבער. דאס זיינען הונגעריגע היישעריקען; זייא קריעכען ארום אונ זוכען פיעלייכט ווען זייא נאך עטוואס געפֿינען פֿיר זיך, פֿיעלייכט איז נאך עטוואס געבליעבען עס מאַכט זיך, אז דיא ארטעע היישעריקען פֿער-נעהמט 7 קלאַפֿטער אין דיא הויך. זייא פֿליען אמאל אזויא געדיכט אונ נאהנט איינער צום אנדערן, אז פֿון ענגשאפט ברעכען זיך בייא זייא דיא פֿליגלען, אזעלכע ארמעען היישעריקען פֿערשטעלען אפֿט דיא זונן. אין עסטרייך איז אמאל דורך געפֿלויגען האַרד איבער דער שטאדט אזא גרויסע ארמעע היישעריקען אז אויף 20 טריט ווייט האט מען שוין גאר ניט געזעהן.

דיא ארמעען היישעריקען קאנען פֿליען גאנץ ווייט. פֿון אראביען פֿליען זייא אין פאלעסטינע, פֿון פאלעסטינע אין עגיפטען. גאנץ אפֿט טרעפֿט, אז דער ווינד פֿערטראגט גאנצע ארמעען היישעריקען אין ים-אריין אונ דארט ווערען זייא דערטרונקען. אבער עס מאַכט זיך איך, אז דער ווינט טראגט זייא אריבער דורכ׳ן ים אויף עטליכע טויזענדער ווערסט. אין ים-פֿאהרער, צום ביישפיעל, דערצעהלט, אז צוא זייא אין-איף שיף האבען זיך אַמאל געגומען לאזען גאנצע כאלקען היישעריקען. עס איז געווען אדרייא 1000 ווערסט פֿון ברעג אונ דיא היישעריקען האבען זיך אלץ געשאטען אויף-ן שיף אזויא וויא עס ואלט געהן ארעגען. דער ים ארום שיף איז געווארען געל, אונ דיא פאססאזשירען האבען ניט געוואוסט וויא פטור צוא ווערען פֿון דיא היישעריקען. פֿיעל מאל האט זיך געמאַכט, או היישעריקען זיינען אריבערגעפֿלויגען פֿון עגיפטען צוא אונז אין אייראָפע אונ האבען וויסט געמאכט גאנצע לאַנדער.

אין אמאליגע אלטע ספֿרים איז בעשריבען וויא פֿיעל אומגליקען האבען דיא היישעריקען אנגעמאַכט אויף דער וועלט. ניט איין מאל האבען דיא היישעריקען געבראַכט אויף דער וועלט הונגער אונ געפֿאָהרליכסטע קראנקהייטען. דער הייליגער אווגוסטין דערצעהלט, אז איין מאל זיינען אין מעער דערטרונקען געווארען זעהר פֿיעל היישעריקען. דיא וועלען פֿון מעער האבען דיא טוידטע היישעריקען ארויסגעווארפֿען אויף׳ן ברעג, וואו זייא האבען אנגעהויבען צוא פֿוילען. פֿון דעם איז געווארען אמגפֿה פֿון וועלכער עס איז אויסגעשטארבען מענשען גאר אָן אַ צאהל. אין איין מלוכה נור זיינען צוא שטארבען 800 טויזענט מענשען חוץ וואס אין

אנדערע

אנדערע לאֶנדער. אזוינע אומגליקען האט עטליכע מאל אויך געטראָפען אין איטאליען. אין ווענעציע (אין איטאליע) זיינען אמאל צושטארבען 30 טויזענט מענשען פֿון הונגער, אונ דער הונגער איז דארט געווארען צוליעב דעם וואס היישעריקען זיינען בעפֿאלען אויף דיא פֿעלדער אונ האבען אויף געפֿרעססען גאר דיא תבואה, אונ רייכע מענשען האבען וועגען דיא ארעמע לייט ניט געזארגט. אין נאָרד־אפֿריקע איז דא אגרויסע פרוכטבארע לאנד מאַראָקא. דיא איינוואהנער פֿון דארט פֿערנעהמען זיך מיט האנדעל אונ מיט ערד ארבייט. דיא ערד איז דארט זעהר אַגוטע אונ עס וואקסט דארט שטענדיג אזויא פֿיעל תבואה, אז עס איז גענוג פֿאר דיא איינוואהנער אונ עס בלייבט נאך איבער ארויס צופֿיהרען אין אנדערע לאֶנדער. אבער אין דעם יאהר 1778 איז דארט אנגעפֿאלען אזא גרויסע ארמעע היישעריקען, וואס האט אין עטליכע טאג אויפֿגעפֿרעססען אלע תבואות אויף דיא פֿעלדער, גאר דיא גראז, אונ האט אפֿילו ניט געלאזען דיא קאָרע אויף דיא בוימער. אין עטליכע טאָג האבען דיא היישעריקען פֿערצעהרט אזויא פֿיעל, וואס וואלט פיר מענשען גענוג געוועזען אויף אגאנץ יאהר. מענשען האבען זיך גענומט שפייזען מיט ווארצלען. עס איז געווארען דער פֿון אשרעקליכע מגפֿה. טויזענטער מענשען זיינען צושטארבען פֿון קראַנק אונ פֿון הונגער. דער וואס האט בעדארפֿט דורך פֿאהרען יענע לאנד, האט גענומט מיט זיך פֿיהרען עסען פֿון דער היים.

בייא אונז אין אייראפע שרעקט מען זיך נאך ניט אזויא פֿאר דיא היישעריקען וויא אין אפֿריקע אונ אין אזיען. מען טהוט בייא אונז אלע מעֶגליכקייטען נאר פֿון זייא זיך צוא בעפֿרייען.

מען טיידט אוים דיא היישעריקען אליין אונ מען מאכט צוא נישט אפֿילו דיא אייעליך, וואס זייא לייגען אין דער ערד. אין פֿיעל אֶרטער צאהלט מען אפֿילו דער פֿאר געלד. אין איין פֿראנצאֶזישע שטאדט האט מען אמאל בעצאהלט 16 טויזענד רובעל דער פֿאר, וואס מען האט פֿערניכטעט דיא היישעריקען. מען האט געצאהלט צוא 2 קאפיקעס פֿאר אפֿוד היישעריקען אדער אייעליך פֿון היישעריקען, אונ דיא דארף איינוואהנער האבען צונויף געקליבען אונ פֿערניכטעט $71\frac{1}{2}$ טויזענד פוד אייעליך! דיא אייעליך פֿון היישעריקען זיינען גאנץ קליינינקע אונ וועגען זעהר וויניג; דער פֿון קאן מען זיך פֿארשטעלען וואס פֿאר אסך אייעליך זייא לייגען.

אין דעם 1725־טען יאהר האט זיך בעוויזען אין איטאליען אשרעקליך גרויסע ארמעע היישעריקען. דיא איינוואהנער האבען זיך קיין עצה ניט געקענט געפֿינען, וויא אזויא פטור צוא ווערען פֿון זייא. דאמאלס האט דער רוימישער פאַפּסט זיך בעשלאסען צוא פֿערשילטען דיא היישעריקען. ער האט מיט גאנץ גרויסע צערעמאניען בעשווארען דיא היישעריקען, זייא זאלען

זיך

זיך אויף הייבען את זיך אריינוואַרפֿען אין ים. אבער זייא האבען אידם אזויא גיך ניט געפֿאלגט. זייא האבען פֿריהער אויף געגעסען אלע תבואות אונ אלע גראזען אונ ערשט דערנאך האבען זייא זיך אויף געהייבען אונ אוועק געפֿליגען; אונ דאך ניט אין ים, וויא דער פויפסט האט זייא געהייסען, נור אויף אנדערע פֿעלדער.

---

## א בעפאלל פון אינזעקטען.

פֿאר צייטען האבען דיא היסטאריקער פֿערשריעבען, דאס זייא האבען געזעהן, אויסער ארמעען פֿון היישעריקען, אויך ארמעען פֿון אנדערע אינזעקטין. מען האט געזעהן ארמעען פֿון טאראקאנעס, פרייסען, גרילען אונ פיעל אנדערע מינים פֿליעגעליך אונ זשוקעליך. אין דעם 1847–טען יאהר איז אנגעפֿאלען אויף איין שטאדט אין ענגלאנד אַ גאנצע ארמעע גראז-לייז. עס איז געווען אזויא פֿיעל גראז-לייז, אז אלע בוימער, אלע קוסטען זיינען פֿון אויבען ביז אראפּ מיט זייא געוועזען בעדעקט אונ האבען אויסגעוויעזען שווארץ. זייא וואלטען חרב געמאַכט אלע בוימער, אבער צום גליק האט זיך גלייך נאך זייא בעוויזען אגרויסע ארמעע פֿון „משה רבנו'ס קיהעליך", וואס האבען פערניכֿטעט דיא גראז-לייז. אייניגע אינזעקטען עסען יעדעם געוואָכסע, וואס עס מאכט זיך נור. עס איז אויך דא אזעלכֿע וואס זיינען זעהר גרויסע „אויסטראַבֿטער": מעהר וויא איין געוואָכסע וועלכֿער עס איז געפֿאָללט זייא ניט אונ עססען כמעט קיין זאך ניט אויסער איהם. דער פֿאר אז זייא בעקומען שוין דאס וואס זייא האבען ליעב, איז שוין דאס פֿערפֿאלען. אויף דעם אינזעל גראנאדע (בייא דיא אָסט ברעגען פון אמעריקע) האבען מיט 112 יאהר צוריק מוראשקעס אויף געגעסען גאר דיא צוקער-שטאָקליך. מען האט נאך דעממאלט ניט געקענט מאַכֿען קיין צוקער פֿון בוראקעס אדער קארטאפליעס וויא היינט, מען פֿלעגט מאַכֿען צוקער פֿון צוקער-שטאָקליך אונ גאנץ גרויסע פֿעלדער זיינען געוועזען פֿערזייעט מיט דיעזעם געוואָכסע. דיא איינוואהנער פֿון דעם אינזיל האבען פֿון דעם עסק זעהר גוט פֿערדיענט. אבער פלוצלים האבען זיך בעוויזען אהן אשיעור מוראשקעס. זייא האבען זיך אראב געלאזען פֿון דיא בערג, אזויא וויא טייכֿען וואססער. אלע פֿעלדער זיינען געווארען מיט זייא בעדעקט. דיא מוראשקעס פלעגען קריעכֿען אויף פֿערד, אויף קיה אונ פֿלעגען זייא אזויא שמערצליך בייסען, דאס דיא טהיערען פֿלעגען משוגע ווערען אונ פֿאללען. געננוג היימישע בהמות זיינען פֿון זייא דעממאלט אומגעקומען. מייז, שליאַנגען, זשאבעס האבען אויך פֿיעל געליטטען פֿון זייא. זייא האבען פֿון פֿייגלען אפֿילו אויך אסך געפטרט. וויא עס פֿלעגט זיך נור

אראב

אראב לאזען אפֿייגעל אויף דער ערד זוכֿען עסען, פֿלעגט גלייך אנפֿאללען אויף איהר אגאנצע פארטיע מוראשקעס אונ מאכֿען פֿון איהר אסוף. אין אקורצע צייט איז דער גאנצער אינזעל ארייגעפֿאללען אין געפֿיינגעניש צוא דיא מוראשקעס. מען האט מיט זייא גאר ניט געקאנט מאכֿען. זייא האבען קיין מורא ניט געהאט פֿאר פֿייער אונ פֿאר וואססער. זייא פֿלעגען אריבער שווימען גרויסע טייכען. דיא פֿאָדערשטע מוראשקעס פֿלעגען זיך ווארפֿען אין וואססער אריין אונ מפֿקיר געווען זייער לעבען, גלייך נאך זייא האבען פֿיעל אנדערע דאס זעלבע געטהאן. פֿון דיא בערג טוידטע מוראשקעס פֿלעגט ווערען אזויא וויא אבריק אונ דיא איבעריגע מוראשקעס האבען שוין געקאנט לעבעדיגע אריבערגעהן פֿון איין זייט טייך איף דעם אנדערן. מענשען האבען זיך גאר קיין עצה ניט געקענט געפינען געגען זייא. מען האט געפרובט ווירקען געגען זייא מיט פֿייער, אבער זייא האבען פיר פֿייער אויך קיין מורא ניט געהאט. פולקען מוראשקעס פֿלעגען זיך ווארפֿען אין פֿלאמם אונ איינלעשען. מעהר פֿון אלץ האבען געליטען פֿון זייא דיא פֿעלדער פֿון צוקער-שטאָקליך. וויא פֿיעל עס איז נור געוועזן צוקער-שטעקליך האבען זייא עס צונישטשעט. זייא פֿלעגען אויס זייגען דעם זאפֿט, אויפֿפֿרעססען דיא בלאָטער אונ זיך אפֿילו אונטערגראבען אונטער דיא וואורצלען. עס האט פֿיעל ניט געדויערט אונ אויף דעם גאנצען אינזעל איז אפֿילו קיין זכר ניט געבליעבען פֿון צוקער שטעקליך. דיא איינוואהנער האבען גערעכֿענט, אז עס וועט שוין דארט קיין מאל ניט זיין מאָגליך צוא זייען צוקער שטאָקליך. קיינער האט ניט געוואוסט מיט וואס דיעזער אונגליק וועט זיך ענדיגען. ער האט זיך אבער געענדיגט מיט אנייען אונגליק. אויף דעם אינזעל האט זיך אויפֿגעהייבען אשרעקליכֿער שטורם. דער ווינד האט איינגעווארפֿען הייזער, חרב געמאכֿט וועלדער אונ צובראכֿען שיפֿען. טויזענדער מענשען זיינען אומגעקומען פֿון דער וועלט. עס איז ארויס אשלאקס-רעגען אונ האט פֿערטרונקען פֿעלדער אונ טהאָלען, אבער דער זעלבער ווינד אונ דער זעלבער רעגען וואס האבען אנגעמאכֿט אזויא פֿיעל שאדען, האבען אגרויסען נוטץ אויך געבראכֿט. זייא האבען צונישטשעט דיא מוראשקעס, וואס אזויא וואלט מען בשום אויפֿ'ן ניט געקענט פטור ווערען פֿון זייא. נאכ'ן שטורם מיט דעם רעגען איז געבליבען אזויא ווענינ מוראשקעס, אז מען האט אויפֿגעהערט פֿאר זייא מורא צוא האבען אונ איבער אַ יאהר האט מען ווידער גענומען פֿערזעטצען צוקער-שטאָקליך.

נאך אגרעסערער אונגליק איז מיט עטליכֿע יאהר צוריק, אין אויסלאנד אונ בייא אונז אין רוכלאנד, געקוממען אויף וויינגאָרטנער.

עס האבען אנגעהייבען צוטריקענען אונ צודאַרען דיא וויינשטאָק-בוימער. מען האט גאר ניט געקאנט פֿערשטעהן פֿון וואנען האט זיך דאס

גענומען. ניט אויף דיא צווייגען, ניט אויף דיא בלעטער האט מען קיין זאך ניט געזעהן, אונ דיא ביימער האבען וואס אטאג ווייטער אלץ מעהר געטריקענט אונ געדארט. געלעהרענטע מענשען האבען גענומען בעטראכטען דיא בוימער אונ האבען זיך באלד ערקונדיגט דיא אורזאכע פון דעם. זייא האבען אויסגעגראבען אבוים, אונ דאמאלס האבען זייא דערזעהן, אז אויף דיא ווארצלען זיינען געווען אנגעשאטען קליינע פליעגעליך וויינטרויב-לייז (פילאָקסערען), דיעזע ווינטרויב-לייז האבען צוגריזעט דיא צארטע עקען פון דיא קלענסטע אונ דיענסטע ווארציליך, וואס זייגען דעם זאפט אונ פעטקייט פון דער ערד, אונ איבער דעם האבען אנגעהויבען דיא וויינשטאק-בוימער דארען. דיא וויינטרויב-לייז האט מען ניט ווילינדיג פערפיהרט פון אמעריקא אין פראנקרייך אויף דיא שיפען. זייא האבען זיך דארט אין דיא וויינגאָרטנער זעהר שנעלל פערמעהרט. אין איין יאהר האבען זייא הרב געמאכט אין פראנקרייך הונדערטע טויזענטער דעסעטינעס וויינגאָרטנער. אונ אין פערלויף פון 18 יאהר זיינען דארט צוא דארט געווארען ביז אמילליאן דעסעטינעס וויינשטאקען. העכער אהאלב מילליאן דעסעטינעס, ליידען נאך ביז היינט אין פראנקרייך פון דיא וויינטרויב-לייז. איבער זייא פערפערטיגען יעצט דיא פראנצויזען אנדערט-האלבען מאל וויינינגער וויין ווי פריהער.

פון פראנקרייך האט מען דיא פילאָקסערען מיט אצופאלל פערפיהרט אין איטאליען, שווייץ אונ שפאניען. בייא אונז אין רוססלאנד אויף קאווקאז אונ אין קרים, וואו עס וואקסט וויינטרויבען, איז זיא שוין אויך דא. ביז יעצט האט מען נאך ניט געפונען קיין רעכטען מיטעל ווי צוא פערניכטען אונ פערטיליגען דיא פילאקסערע.

---

## וואס פיר גרויסע פערער עס זיינען דיא גראז עסענדע טהיערען.

עס איז שווער אפילו נאר איבערצוצאָהלען אליין, וויעפיעל עס לעבען אויף דער וועלט פערשיעדענע ארטען פליעגען, זשוקעס, זוממער-פייגעלאך אונ אנדערע אינזעקטען, וואס עסען אויף אלע תבואות אונ גראזען, וואס זיינען נוצליך פיר מענשען. גאנצע ארמעען פון זייא זיינען בעשעפטיגט דער מיט, וואס זייא פרעססען פערשיידענע געוואָכסע. דיעזע ארמייען עסען אויף פיעל מעהר, ווי אלע מענשען אויף דער וועלט. איהר קאנט איך מאכען אבעגריעף וויעפיעל געוואָכסע דיא אינזעקטען עססען אויף אלע יאהר פון דעם דאס איין אנדער פליגעלע איז אליין מעהר ניט גרויס ווי אשפילקע קאָפּעלע, אבער דאס, וואס זיא אליין פערצעהרט אין אטאג, איז אמאל

פופצעהן

פּופּצעהן גרעססער. עס איז דא אזוינע, וואס וואָגען אליין וועניגער וויא אַ זאלאטניק אונ פּערצעהרען אין אַ טאג זעבּצען זאלאטניק שפּייז. אנדערע אינזעקטין עסען נאך מעהר.

פֿיעל פֿערשיעדענע טהיערען שפּייזען זיך נור מיט געוואָכסען. עס איז דא פֿיעל היות, פֿייגלען, שלאנגען, פֿישען, וואס עסען נור געוואָכסען, ווער בלאָטער, ווער זוימען אונ קאָרינדליך, אונ ווער גראז. מען דארף האבען פֿיעל געוואָכסע זאט צוא מאכֿען דיא אמעריקאנישע אונצאהליגע סטאדעס ציג-טויבען. דיעזע פֿייגלען לעבען אין וואלד אונ שפּייזען זיך מיט דיא פֿרוכֿטען פֿון וואלד בוימער. אין דיא וואָלדער, וואו דיעזע טויבען געפֿינען זיך — ברעכֿען זיך דיא צווייגען פֿון דיא פֿייגעלאך וואס זיטצען אויף זייא גאנצע סטאדעס ווייס. אויף יעדען צוויינעל איז דא צוא 3 נעסטען. אין דיא וואָלדער וואו דיעזע טויבען האלטען זיך אויף, קלייבען זיך צונויף טויזענדער פֿערשיעדענע אַרטען טהיערען, קליינע אונ גרויסע, דיעזע טהיערען געהן ארום אינטער דיא בוימער אונ עסען אויף דיא קליינע טייבעליך, וואס פֿאלען ארויס פֿון דיא נעסטען. ווען ניט דיעזע רויב טהיערען, אונ ניט דיא יאָגער וואס טיידטען אויס טויזענטער פֿון דיא טויבען, וואלטען זייא נאך געוועזען פֿיעל מעהר וויא יעצט. היינט וויפֿיעל עססען דארף מען עוין האבען פֿיר אזויא פֿיעל טויבען? אז מען זאל אפֿילו מעהר ניט רעכענען אויף יעדע טויב וויא אהאלב פֿונט אטאג, עססען זייא אויך מעהר אויף קאָרנער אין איין טאג וויעפֿיעל גאנץ מאסקווע אין צוויא מאנאטען. אין דיא גרויסע סטעפּעס פֿון אמעריקע פֿיטערין זיך גאנץ גרויסע סטאדעס בופֿעל-אָקסען אונ טאבונעס ווילדע פֿערד. רייזענדע דערצאָהלען, אז אין אנדערע סטאדעס קאנען זיך געפֿינען ביז 100 טויזענט שטיק בופֿעל-אקסען אדער פֿערד. איהר קאנט זיך פֿארשטעלען וויפֿיעל גראז מען דארף האבען זייא זאט צו מאכֿען.

אין נארד-אפֿריקא לעבען אזוינע טהיערען, וואס זעהען אויס וויא ציעגען מען רופֿט זייא דיא שפּרינגער, וועיל זייא שפּרינגען זעהר געשיידט אונ לויפֿען געשווינד. זייא פֿיטערן זיך אין דיא סטעפּעס גאנץ גרויסע סטאדעס ווייס. אין שלעכֿטע טרוקענע יאהרען, ווען עס איז קיין וואססער ניט דא אונ עס ווערד פֿערברענט דיא גראז אין דיא סטעפּעס, קלייבען זיך דיא שפּרינגער צונויף אין שרעקליך גרויסע סטאדעס אונ ציעהען אריבער אין אַ זעלבֿע אָרטער וואו עס איז דא וואססער.

זייא רעטטען זיך פֿון הונגער אונ פֿון דארשט, זייערע ארמעען זיינען אזעלכֿע גרויסע, אז דיא רייזענדער פֿערגלייכען זייא מיט דעם היישעריק. אזויא וויא דיא היישעריקען, פֿרעססען זייא אויף אללע געוואָכסע, וואס זייא טרעפֿען נאר אָן אויפֿ'ן וועג. זייא פֿאלען אן אויף פֿעלדער אונ

פרעסען אויף דיא תבואה. אין איין נאכט מאכען זייא צונישט פון דעם ערדארבייטערס גאר דיא מיהע.

איין רייזענדער דערצעהלט, אז ער האט געזעהן אַ סטאדע שפרינגערס, וואס האט צוגעדעקט דיא גאנצע געגענד. וויא ווייט נור מען האט געקאנט דערלאנגען מיט'ן אויג, איז געוועזען אנגעשאטען מיט שפרינגערס. מען בעגעגענט אזעלכע גרויסע סטאדעס אין וועלכע עס געפינען זיך עטליכע מילליאן שפרינגערס. עס איז לייכט צוא פערשטעהן, דאס אזא סטאדע קאנן זעהר געשווינד חרוב מאכען פערזייעטע פעלדער.

דיע שפרינגערס ווערען פערפאָלגט פון לייבען, לעמפרטען, לוקסען און פון פיעל אנדערע רויב טהיערען. מענשען געהען אויך געגען זייא אויף געיעג. עס איז אבער ניט אזויא לייכט זייא בייא צוקוממען. עס טרעפט זאָגאר, אז זייא נעהמען אין געפיינגעניש דעם לייב אליין. אַ לייב איז אמאל אנגעפאללען אויף איין שפרינגער פון אסטאדע און האט איהם צוריססען. דיא שפרינגער, וואס זיינען געשטאנען נאָהענטער צוא איהם האבען זיך אווארף געטאהן אן אזייט. דיא וואס זיינען אויסגעקוקטען בין לייב פון הינטען האבען זיך אויך אבגערוקט אן אזייט וואס צום גיכסטען. ענדליך, האט איהם ארומגערינגעלט דיא גאנצע סטאדע. דער לייב איז געבליעבען אין רעכטען מיטען צווישען דיא אונצאָהליגע ארמעע פון שפרינגער. זייא האבען זיך אזויא פיעל אנגעשפארט איינער אויף דעם אנדערן, דאס זייא האבען ניט געהאט וואו צולויפען. דעם לייב האבען זייא אויך געמאכט ענג פון אללע זייטען. ער האט זיך זאָגאַר דערשראקען, אבער נאך מעהר האבען זיך געשראקען דיא שפרינגער. דער לייב איז שוין ניט גערין געוועזען פון דער גאנצער מציאה, וואס ער האט דא דערטאפט. דיא סטאדע האט גענומען לויפען איבערן פעלד און ער האט געמוזט מיט לויפען מיט דער סטאדע אהין וואו זייא זיינען געלאפען.

פיעל שפרינגערס ווערען יאָהרליך אומגעבראכט פון רויב טהיערען נור נאך מעהר שטארבען אויס פון הונגער אין דיא טרוקענע יאהרען, ווען עס איז דא פיר זייא וועניג שפייז. אין אזעלכע יאהרען ציהען זייא אוועק אין דיא אָרטער וואו עס איז דא וואססער און דיא טריקענעס איז ניט אזויא געפאָהרליך. עס קומט זייא דאמאלס אויס צוא מאכען נביעות פון צעהנדליגע זאָגאַר פון הונדערטע ווערסט.

אין זיד-אמעריקע לעבט אַ וואונדערבארעס טהיער. מען רופט דיעזעס טהיער דער פוילער. דיעזער נאמען פאַסט פיר איהם זעהר גוט. אויף דר'ערד איז קאַם קאַם וואס ער קריכט און אויף בוימער קלעטערן איז ער אויך ניט קיין גרויסער בעלן. ער קלעטערט אויף בוימער זעהר לאַנגזאם און ניט וויא אנדערע קלעטערן. ער טשעפעט זיך אן מיט דיא לאנגע נעגעל

פון

פֿח. אלע פֿיער פֿיס אויף אצווייג און היינגט אזויא מיט'ן קאָרפּער אראב. ער היינגט איין טאג, נאך אַ טאג און אגאנצע וואך איך, אימטער אין דער זעלבען לאגע. ער היינגט אזויא אויפֿ'ן צווייג ביז וואנען עס איז דא ארום איהם וואס עס איז נור צוא עססען. אויף איין אנדער צווייג קריכט ער ערשט אריבער ווען ער האט שוין ארום זיך אלעס דינג אויפגעגעססען, אלע בלעטער, פֿרוכטען, קנאָספּען און פֿריש ארויסגעשפּראָטצטע צווייגליך. קיין גרויסער פֿרעסער איז ער ניט און קאן ליידען הונגער און דארשט אצייט נאך אנאנד. אז ער וויל אטרונק, לעקט ער ארום דיא טהוי פֿון דיא בלעטער. ווען ער האט שוין ניט דארט וואו ער היינגט, וואס צועססען את הייבט אן פֿיהלען שטארק הונגער, קלייבט ער זיך איבער אויף איין אנדער צווייג אדער אויף איין אנדער בוים און היינגט דארט ווייעדער אב אינבעוועגליך עטליכע טאג, קייענדיג בלעטער און גריזענדיג פֿרוכט. שלאפֿען שלאפֿט ער אויך אזויא היינגענדיג, ער קאָרטשעט נאר איין מעהר דיא פֿיס בשעת ער שלאפֿט.

אויסער דעם עסען געהט איהם קיין זאך ניט אן. ער פֿוילט זיך אפֿילו אומצוקעהרן דעם קאפּ און אקוק געבען אָן אזייט, און איז גלייכגילטיג צוא אלסדינג, וואס ארום איהם טהוט זיך. צווישען דיא חיות, וואס שפּייזען זיך מיט געוועכסע, ארבייט דער פֿוילער ווענינגער פֿון אלעמען.

---

## וויא מוראשקעס בעשעפטיגען זיך מיט ערד ארבייט.

עס איז דא אזעלכע טהיערען, וואס אקערן, שניידען, קאָסען, מאַכען פֿעטער און מיסטיגען דיא ערד, און גרייטען אָן תבואה אויף שפּעטער, מיט איינעם ווארטע, זייא טהוען אלסדינג, וואס יעדער בויער טהוט אויף'ן פֿעלד. איבערהויפּט זייען אין דעם גרויסע קינסטלער דיא מוראשקעס.

אלעמען זייען בעקאנט דיא מוראשקעס. זייא לעבען געוועהנליך אפֿולע צוזאמען, גרויסע חברות — אין מוראשניקעס. אין איין אנדער מוראשניק געפֿינען זיך הונדערטטויזענד מוראשקעס, אזויא פֿיעל וויא מענשען עס געפֿינען זיך אין אגאנץ גרויסע שטאדט. אין יעדער מוראשניק לעבען עטליכע סארטען מוראשקעס. איין סארט איז דא — זכרים מיט נקבות, וואס זייער עסק איז נור זיך צוא פֿערמעהרען, צוא לעגען וואס מעהר אייעליך און האבען קינדער. ווייעדער איז דא אסארט מוראשקעס וואס זייען ארבייטער. זייער קאָרפּער איז אנדערש איינגעריכטעט פֿון דער נאטור. לייגען אייעליך און פֿערמעהרען זיך קאנען זייא ניט, אבער דערפֿיר ליעגט אויף זייא אלע הויזליכע ארבייט. זייא בויען מוראשניקעס, זעהע

אז

זז עס זאל זיין וואס צועסען, טראגען איוף זיך מציאות, גיעבען עסען דיא
זכרים אונ דיא נקבות אינ גיעבען אכטונג איוף דיא אייעליך אונ דיא
דוּיפּען. אין אנדערע מוראשניקעס לעבט נאך אַ דריטער סארט מוראשקעס־
סאלדאטען אונ קריעגס לייט. זייא זייען ווייעדער אנדערש בעשאפען.
זייא אונטערשיידען זיך מיט זייער קאָרפער פוןביידע ערשטע סארטען,
פון דיא זכרים אונ נקבות אונ פון דיא ארבייטער. זייא האבען גרויסע
אינ שארפע אסלעס, מיט וועלכע זייא קאננען זייערע פיינד צובייסען
אונ צורייסען איוף שטיקליך. זייער זאך איז צוא שיטצען דעם מוראשניק
געגען פיינד אונ געבען צוא וויסען אז עס מאכט זיך איין אומגליק. עס
פערשטעהט זיך, אז מעהר פון אלעמען האבען וואס צוא מאהן דיא ארבייטער.
בייא איינינע מינים מוראשקעס פערנעהמען זיך דיא ארבייטער מיט ערד
ארבייט אויך. דיעזער אַרט מוראשקעס הייסען דיא ערדארבייטער. זייא
לעבען אין דיא ווארעמע לענדער פון אייראָפּע אונ אמעריקע. זייערע נעסטען
גראבען זייא אין דער ערד. זייא מאכען דאס זעהר קינציג אונ איינפאַלליג.
זייא גראבען אוים אסך צימערלאך איינער איוף דעם אנדערען, מיט פיעל
טהירען צום ארייננעהן, צום ארויסגעהן אונ פון איין צימער אין דעם אנ־
דערען. גאר דיא אונטערשטע צימערלאך קאָנען אמאל זיין טיעף אונטער דער
ערד איוף פינף ארשין. איינינע צימערלאך דיענען בייא זייא פיר שפייז
קאמערן, דארט לעגען זייא אוועק איוף שפעטער פערשיעדענע קערנער אונ
זוימען (זריעה), דיא קערנער אונ דיא זוימען קלייבען דיא מוראשקעס אלליין
איוף אונ דאס קאָסט זייא גענוג צייט אונ גענוג מיה. עס מאכט זיך, אז דיא
ארבייטער־מוראשקעס דארפען געהן זוכען דיעזע קערנער אונ זוימען גאנץ
וויים אין וואלד אדער אין פעלד. כדי עס זאל זיין זייא גרינגער אונ בעסער
צוגעהן אונ צוא טראגען דיא קאָרינדליך אונ דיא זוימען, מאכען זייא זיך
אנייע וועג אין דיא גראז. זייא רייסען אוים דיא גראז אונ ווארפען זיא אוועק
אין דיא זייטען, זייער וועג האלטען זייא זעהר ריין. ווייא נאר עס וואקסט
ארויס אגרעזועלע גריזען זייא איהם אוים אונ ווארפען אפּ אָן אזייט. איבער דעם
מוראשניק ראַמען דיא ערדארבייטער מוראשקעס אָב ארונדען פלאַטצעל וואס
האט אין דער ברייט אַ נייך ארשין. דיעזען שטיקעל פלאטץ גלייכען זייא
אזויא אוים, דאס ער ווייזט אוים וויא איינגעטראטען. זייא לאזען איוף איהם
קיין גראז ניט וואקסען חוץ איין סארט גראז, וואס זייא האבען זעהער ליעב.
דיעזער סארט גראז רופט זיך „מוראשקען רייז". דיעזער גראז וואכסט אללע
מאל ארום דעם מוראשניק, אינ דיא מוראשקעס אלליין בעארבייטען איהם.
זייא מאכען איהם ריין פון אנדערע שלעכטע גראזען. אונ אללע יארר זאמלען
זייא צונויף דיא פרוכט, דיא קאָרנדליך פון דעם רייז. גאר דיא רייז וואס
זייא נעהמען אראב פון זייער פעלד לעגען זייא אב אין זייערע שפייכלערן אונ

מאגאזינען. אנדערע דערצעהלען נאך, אז זייא האבען אפילו געזעהן, וויא דיא מוראשקעס האבען אלליין פערזייעט דיעזען רייז.

מיט איין ווארט דיא מוראשקעס האבען זיך זייער פעלד אונ זייערע ארבייט צייט וואס פאסט זיך צוא דיעזעם פעלד.

אין זייערע מאגאזינען בעהאלטען זייא ניט נור זייער רייז אלליין, זייא קלייבען צונויף אנדערע קערענדליך פון פערשיידענע גראזען אויך אונ טראגען אין דיא זעלבע מאגאזינען אריין. איך בין א בעלן געווען זעהן, וויא אזויא דיא מוראשקעס קלייבען צונויף קערענדליך, דערצעהלט איין געלעהרענטער מאן; — איך האב גענומען עטליכע לאנגע זאנגען אונ האב זייא אריינגע־שטעקט נעבען דעם מוראשניק אין דער ערד. דיא מוראשקעס האבען דאס באלד דערשמעקט אונ זייען ארופגעקראכען אויף דיא זאנגען אונ האבען מיט גרויס פלייס אנגעפאנגען ארויסצונעהמען פון זייא דיא קארנער. אויף יעדעם זאנג האבען געארבייט א צוועלף מוראשקעס אונ מעהר. זייא האבען אויסגע־גריזעט דיא קארענדליך אונ געווארפען אויף דר'ערד. אונטען זייען געשטאנען אנדערע מוראשקעס אונ האבען אנגעחאפט דיא קערענדליך אונ געטראגען אין דיא מאגאזינען. מיר איז געווען א גרויסער וואונדער וואס דיא מוראשקעס האבען זיך געאיילט ארויסצורייסען דיא קערענדליך נאך פון דיא זאנגען אונ האבען ניט געווארט ביז זייא וועלען פארטיג ווערען אונ אליין אראפ פאלען אויף דער ערד;

ווען אין דיא שפייכלער ליעגען קערענדליך, גיעבען דיא ערד־ארבייטער מוראשקעס אכטונג אונ קוקען זיך צוא, צוא זייא פוילען אדער שימלען ניט. וויא זייא דערזעהן נור, אז זייא הייבען אן שימלען, חאפען זייא זיי טראגען זייא ארויס פון מוראשניק אויף דער זונן, זייא זאלען זיך אויס טריקענען.

---

## מוראשקעס אגאראדניקעס.

אין זיד־אמעריקע לעבט א סארט מוראשקעס, וואס זיינען נאך מעהר צוא בעוואונדערן. זייא רופען זיך דיא בלעטער־פרעסער. מענגעס ווייס קלייבען זייא זיך ארויף אויף דיא בוימער; יעדע מוראשקע קלייבט זיך אויס א בלעטעל, אויף וועלכע זיא זעצט זיך אונ מיט איהרע שארפע אסלעס האקט זיא זיך אפ א היבשע שטיקעל בלאטעל. זיא מאכט דאס פלינק אונ געשיידט; יעדעס שטיקעל בלעטעל קומט אויס וויא אויסגעשניטען מיט א שער. אבגריזענדיג א שטיקעל בלאטיל, נעהמט זיא איהם אריין אין מויל אונ שלעפט מיט גרויס מיהע ארונטער פון בוים אויף דער ערד. איינע נאך דיא אנדערע, האלטענדיג דיא בלאטליך אין דער הויך איבער'ן קאפ, געהן דיא

מוראשקעס מיט זייער אייגענעם וועג צום נעסט. וויא זייא געהן נור צו צום מוראשניק אזויא לויפען שוין ארויס צוא זייא אנדערע מוראשקעס, דיא ארבייטער. דיא ארבייטער געהן ניט אוועק ווייט פון דעם מוראשניק, אויף בוימער קריכען זייא ניט, אונ זייא זיינען קלענער אין געוואוכס. דיעזע קליינע ארבייטער האבען זיך אין מוראשניק זייער ארבייט. זייא נעהמען צוא פון דיא טראגער-מוראשקעס דיא אבגעגריזעטע בלעטעליך אונ אונ צוברעקלען אויף גאנץ קליינע שטיקעליך, נאכהער טראגען זייא דאס אוועק צוא זיך אין נעסט אונטער דער ערד. אבער מיינט ניט אז זייא עססען דיעזע בלאטליך; ניין! זייא לייגען פערנאנדער דיא בלאטליך אין זייערע שפייכלערס אונטער דער ערד אונ דארט וואכסט אויף זייא אויס אזעלכע שוואמליך. אט מיט דיעזע שוועמליך נאהרען זיך דאס דיא מוראשקעס.

דיא מוראשקעס קלייבען נור אויס אזוינע בלעטער, אויף וועלכע עס וואקסען דיא שוואמליך וואס זייא דארפען. ניט אויף אלע בלעטער וואקסען זייא אונ דיא מוראשקעס וויסען שוין פון וועלכע בוימער זייא זאלען קלייבען דיא בלעטער.

דיא מוראשקעס גיעבען גוט אכטונג אויף זייערע שוואמליך. זייא זעהען אז דארט וואו זייא ליעגען, זאל ניט זיין צוא טרוקען אדער צוא פייכט. דיא צימערן, וואו דיעזע שוואמליך וואקסען, לופטערען דיא מוראשקעס דורך: זייא מאכען ביז ארויף לאכער פון וואנען עס געהט אן פרישע לופט, אונ אין אנאסען וועטער פערשטאפען זייא דיא לעכער צוריק, קיין נאסע בלעטליך טראגען זייא קיין מאל ניט אריין אין מוראשניק. אז ארעגען האפט זייא אן אויף'ן וועג, ווען זייא טראגען דיא בלעטליך, אונ נעצט זייא איין, לייגען זייא צונויף דערווייל דיא בלעטער לעבען דעם מוראשניק אונ ווארטען ביז דיא זונן הייבט אן צוא שיינען. דאמאלס שפרייטען זייא פערנאנדער דיא בלאטער אויפ'ן זון ביז וואנען זייא טריקענען זיך אויס מיט איין ווארט דיא מוראשקעס בעגעהען זיך פונקט, וויא אמתע גוטע אגארארניקעס.

---

## וויא טהיערען אקערען ערד פיר דעם מענשען.

עס איז דא אזעלכע טהיערען וואס גראבען פערנאנדער אונ צורייבען דיא ערד, אום זיא זאל ווערען וויך אונ מיסטיגען איהר אפילו אן. דאס וואס דער מענש מאכט מיט'ן אקער אייזען אונ מיט דער בראנע, מאכען דיעזע טהיערען מיט זייער קערפער אליין. וואס זע איז דאס פיר טהיערען? — ווילט איהר געוויס וויסען: — געפינען זייא זיך אין אונזערע ערטער איך?

דיעזע טהיערען זיינען גוט בעקאנט: דאס זיינען דיא רעגען-וואָרימליך; זייא אקערין דאס אונ מיסטיגען דיא ערד. מען האט זיך פֿון דעם גאר ניט לאנג ערקונדיגט.

דיע רעגען-וואָרימליך געפינען זיך אומעטום, אויסער דיא קאלטע אונ גאנץ טרוקענע לאֶנדער. דיעזע וואָרים ליעבען פייכטע אונווארמע אָרטער, אונ האבען זעהר מורא פֿאר קאָלט. בייא טאג האלטען זייא זיך אונטער דער ערד אונ בייא נאכט קריעכען זייא ארויס אונ דאס אויך נאר אין אפייכטען וועטטער. זייא עסען וואס עס מאכט זיך: קערינדליך, פֿלייש, רויפען פֿון פֿערשיידענע אינזעקטין. איבערהויפט נאָהרען זייא זיך מיט בלאָטער פֿון בוימער, עס מאכט ניט אויס וועלכע, טרוקענע, פֿרישע אדער פֿערפֿוילטע. אזעלכע בלאָטער פֿערצעהרען זייא זעהר פֿיעל. אויסער דעם עסען זייא אויך זעהר פֿיעל ערד, אונ ווען זייא האבען ניט קיין בעסערע זאך, בעגנוגענען זייא זיך גאר מיט ערד אליין. זייא ווערען זאט פֿון ערד, ווייל אין דער ערד געפֿינט זיך איבערגעבריעבענע אדער איבערגעפֿוילטע בלאָטער, איבערהויפט געוואָכסע, צומישט מיט זאמד. פֿון דיעזע איבער געפֿוילטע געוואָכסע ווערען דיא רעגען-וואָרים זאט, בשעת זייא שלינגען ערד, אונ דיא זאמד מיט דעם וואס בלייבט פֿון דיא איבערגעפֿוילטע געוואָכסע, ווארפֿען זייא ארויס פֿון זיך צוריק. צום פֿערדייהען דעם עססען האט דער וואָרימעל איין איינציגע קישקע, וועלכע עס האט אגאנץ איינפֿאכע פֿארמע. זיא ציעהט זיך איבער דיא לאָנג פֿון זיין גאנצען קערפער אונ איז דורכאויס אגלייכע. פֿון איין זייט איז דער מויל אונ פֿון דעם אנדערען אָפֿענען זייט געהט ארויס פֿון וואָרימעל דאס וואס ער פֿערדייהט ניט, וואס טויג פֿיר איהם ניט. דער וואָרימעל אין גאנצען איז אויך זעהר איינפֿאך בעשאפֿען. ער האט קיין אויגען, קיין אויערען, קיין ביינער אונ צאָהן זיין גאנצער קאָרפער איז אוייכער. אונ פֿון דעסטוועגען אקערט דער רעגען ווארים דיא ערד אונ מאכט איהר פֿעטער. דיא רעגען וואָרים ארבייטען אויף אזא אַרט. זייא גראבען זייערע נאָרעס טיעף אין דער ערד. אנדערע נארעס זיינען 3 ארשין טיעף אין דער ערד. גאר אונטען אויפֿ'ן גרונט מאבען זייא זיך אציממערעל. אין דיעזעם צימערל וואהנען אפֿט עטליכע וואָרים צוואממען.

דער רעגען ווארים קאן זיך מאכען אַ וואהנונג וויא אין ווייכע ערד אזויא אויך אין האַרטע. אין ווייכע ערד בויערט ער זיך אויס אַנאָרקע מיט דעם שארפֿען עק פֿון זיין קאָרפער. דאמאלס דרעהט ער אזויא ניך זיין קאָרפער וויא אַדרעל. אויף דעם אַרט פֿערגראבען זיך דיא וואָרים אין זאמד זעהר שנעל,

וואו דיע ערד איז אבער אַ הארטע, דארט גראבט זיך דער רעגען ווארים אַ נאָרקע אויף איין אנדער אַרט; דארט ארבייט ער מיט דעם מויל. ער ברעכט אָב איין שטיקעל ערד נאך דעם אנדערען אונ שלינגט זייא איין,

וויפיעל שטיקליך ער ברעכט אב, אזויא פיעל שלינגט ער איין. אויף דעם ארט לאזט ער זיך אלץ טיעפער אונ טיעפער אראב אין דר׳ערד אונ ער גריעזעט זיך אויס אנארע. זיין קישקע שטאפט ער אין גאנצען אן מיט ערד. דיא ערד געהט דורך דיא גאנצע קישקע אונ פאלט ארויס פון דעם אנדערען זייט. אויף דעם ארט קאנען דיא ווערים זיך גראבען זייערע נארעם אין דיא הארטסטע ערד, אונ זייא קוממען צוא גאנץ טיעף. בייא דעם געהט דורך זייער קישקע זעהר פיעל ערד, וואס ווערט אין קישקע איבערגעריבען, צוברעקילט אונ צומאלען זעהר דין אונ דער צו נאך צומישט זיא זיך מיט דיא זאפט פון קישקע. צוליעב דעם געהט דיא ערד ארויס פון דער קישקע אזוייכע אפעטע אונ אפרובטבארע.

אין דיא ערטער וואו עס געפינען זיך אסך רעגען ווערימליך, קאנען גאנצע פעלדער צוא ליעב זייא ווערען פעט אונ ווייך. דיא ווערים גריזען דורך דיא ערד אין אלע קאנטען. זייא ארבייטען בייא טאג אונ בייא נאכט, ארבייטען צוואממען אונ ווערען ניט מיד. זייא גראבען זיך אין דר׳ערד, אונטען, אויבען, אין דער קרים. אין פערלויף פון איין יאהר קומט אויס יעדעם זאמדעלע, יעדעס שטיקעלע ערד עטליכע מאל דורכצוגעהן דורך דיא קישקעס פת׳ם רעגען ווארים.

אויף דעם ארט אקערן דיא רעגען ווארים אונ מאכען פעט דיא ערד. זייא אקערן גאנץ טיעף. גראבענדיג אין דער טיעפענים זייערע נארקעס ווארפען זייא ארויף דיא אונטערשטע פאכען ערד פון אויבען. דא לופטערט זייא דורך דער ווינד אונ דער רעגען שווינקט זייא איבער. אין איין ארט געהט דיעזע ערד אוועק מיט׳ן וואסער, אין איין אנדער ארט טראגט, פערקעהרט, אן מישן רעגען וואסער נייע ערד. דיא רעגען ווארימליך מאכען פעט דיא ערד ניט נאר מיט דעם זאפט פון זייערע קישקעס אליין, אבער מיט אנדערע מיטלען אויך. צום ביישפיעל, זייא שלעפען אריין צוא זיך אין דיא נארקעס פרישע טרוקענע אראבגעפאללענע בלעטליך, קליינע צווייגעליך, נאדלען פון סאסנעס אונ יעדלאווע בוימער אונ דאסגלייכען. פון יאהר צוא יאהר פערגראבען דיא רעגען ווערים בייא זיך אין דיא נארקעס זעהר פיעל אזעלכע גוטע זאכען. אונ וויא קלוג אונ קונציג זייא טהוען זייער ארבייט! בשעת דער ווארים וויל טראגען צוא זיך אין נארקע א בלאטל, נעהמט ער עס ניט וויא עס מאכט זיך, נור שטענדיג פאר דעם עק וועלכער עס וועט גרינגער קאנען אריין אין נארע, אמאל פאר דעם אונטערשטען עק פאר דעם שטילכעל, אמאל פערקעהרט, פאר דעם אויבערשטען עק. עס איז, דאכט זיך, ניט לייכט צוא ארבייטען אהן הענד אונ אהן אויגען מיט׳ם מויל אלליין. דעננאך ארבייטען דיא ווארים זעהר קונציג. מיט בלאטליך נאהרען זיך דיא ווארים, מיט בלאטליך בעטען זייא אויס זייערע נארקעס אונ מיט בלאטליך

בלאָטליך פֿערלײנגען זײא אין אקאלטען אונ אטרוקענעם װעטטער דעם ארײנגאנג פֿון זײערע װאהנונגען. דיא רעגען װאָרים קאנען זיך קונציג שיטצען װיא פֿון װינטערדיגע פֿראָסט, אזױא איך פֿון זוממערדיגע היטצען. עס טרעפֿט אָפֿט, דאס זײא פֿערמאכֿען זײערע נאָרקעס ניט אזױא מיט בלאָטליך, אבער מיט קלײנע שטײנדליך!

מיט דעם װאס דיא װערימליך עסען בלאָטער טהוען זײא אויך אגרױסע טובה דער ערד. אין דיא קישקעס צוא רײבען זיך דיעזע בלאָטער צוזאממען מיט דער ערד. װאס זײא האבען אײנגעשלונגען אונ עס װערד דער פֿון מיסט; גאכהער װארפֿען דיא קישקעס דיעזען מיסט פֿון זיך ארױס אויפֿ'ן פֿעלד. אזעלכֿע מיסט קלײבט זיך אָן זעהר פֿיעל דארט װאו עס זײנען דא װאָרים. דיא מיסט פֿון רעגען װאָרים איז זעהר נוטצליך פיר דיא ערד. אַלזא, זעהען מיר װאס פֿיר אקונציגע ארבײט דיא װאָרים מאכֿען.

ערשטענס גראבען זײא פֿערנאנדער דיא ערד. ניעדעריגע פֿאכֿען ערד הײבען זײא אויף אימטער האָכֿער אונ האָכֿער, אזױא װיא אנוטער אקעראײזען, האטש ניט אזױא געשװינד.

צװײטענס, מאכֿען זײא װײך דיא ערד, אזױא װיא זײא װאלטען איהר אקערן. צוא ליעב דיא רעגען װאָרים, װערען דיא אויבערשטע פֿאַכֿען ערד ניט אײנגעלעגען אונ פֿערהארטעװעט, אבער זײא בענײען זיך שטאָנדיג. דאס איז זעהר נוטצליך פֿאר דיא װארצלען אונ פֿאר דיא פֿערזײטע קאָרינדליך.

דריטענס, מאכֿען זײא דיא ערד פֿעט מיט דעם זאפֿט פֿון זײערע קישקעס, מיט בלעטער אונ צװײגען אונ מיט זײער מיסט.

מיט אײן װארט, דיא רעגען װאָרימליך מאכֿען פֿון שלעכֿטער ערד — גוטע, פֿעטע גאָרטען ערד.

---

## װיא טהיערען שנײדען הײ.

אין סיביר, אויף דיא אַלטאישע בערג לעבט אײן קלײנעס טהיער, װאס רופֿט זיך דער בארג-האָז. זײן װאהנוגג מאכֿט ער זיך אין דיא שפּאַלטען פֿון דיא פֿעלזען. אלע זומער אין אװגוסט נעהמט ער קלײבען גראז אויף װינטער ער גרײזעט אונטער דיא גראז אונ לײגט זײא אויס טריקענען אויף דער זונן. ביז סענטיאבער טריקענט זיך דיא גראז גוט אויס. װיא דער בארג-האז בעמערקט נור, אז דיא גראז איז שוין גוט טרוקען — נעהמט ער איהר מיט זײנע לאַפּקעס צונויף שארען אין שטאָגען פונקט װיא אמענש. ער שאַרט צונויף גאנץ היבשע שטאָגען װאס האלטען אמאל 3 ארשין דיא הײך אונ דרײ ארשין דיא ברײט. רײזענדע װאס זײנען דורך געפֿאהרען דיא

ארטער

אָרטער, וואו עס לעבען דיא בארג-האזען, האבען זיך געוואונדערט, זעהענדיג אזעלכע שטאגען היי: ארום אונ ארום אויף עטליכע הונדערט ווערסט געפינט זיך ניט קיין שפור, קיין זכר פון קיין מענשען אונ מיט אמאל שטעהען דא שטאגען היי אונ נאך אויף אגוטען ארט: ערגעץ אונטער אבארג וואוהין דער רעגען קומט ניט צוא. אין אמתן אבער האט דיעזע סטאגען היי צוזאממענגעלעגט אטהיער, אונ ניט קיין מענש. דער בארג-האז נאָהרט זיך מיט היי אונ ער גרייט זיך אָן שפייז אויף ווינטער זעהר פיעל.

---

## וויא טהיערע גרייטען זיך אן שפייז אויף שפעטער.

פיעל טהיערע שאפען זיך שפייז ניט נור אויף היינטיגען טאג אליין, אבער זייא לייגען אב שפייז אויף שפעטער אויך, זייא פערשטעהן אז אויב זייא וועלען זיך בייצייטען ניט פערזארגען מיט שפייז, וועלען זייא דערנאך גיט האבען וואס צוא עסען. עס איז דא וויא גרויסע אזויא קליינע טהיערען וואס מאכען זיך שפייכלער אונ לייגען זייא אן, ווער מיט קאָרנער, ווער מיט ניס, ווער מיט טרוקענע גראז אונ ווער מיט וואס אנדערש. אין זיד-אמעריקע לעבט אסארט האָלץ-פיקער וואס האט אויף זיך גרינע פעדערן. דיעזע גרינע האָלץ-פיקערס שפייזען זיך איבערהויפט מיט מוראשקעס, נור אויף ווינטער גרייטען זייא זיך אָן חוירשע ניס. זייא פיקען אויס אין דער קארע פון דעמבען אונ סאסנעס קליינע רונדע גריבליך אונ בעהאלטען אין יעדער גריבעלע אַחזירשען נוס. זייא שלאגען אריין זייערע ניס אזויא שטייף אז עס איז זייא שווער ארויסצונעהמען. פון וויטען וויזען אויס דיא בוימער וויא אנגעשלאגען מיט נאָגעל. איין אנדער סארט אמעריקאנישע האלץ-פיקער מאכען זיך גאנצע שפייכלער. זייא בויערען אויס מיט דיא שנאבלען אין בוימער טיעפע לאָכער אונ וויא עס קוממט אָן דיא קאַלטע הערבסט צייט, לייגען זייא אָן דיא לאָכער פול מיט קאָרינדליך אונ פרוכטען.

אונזער וועווערקע מאכט זיך אויך אויף ווינטער אשפייכלער. זיא קלייבט אויס אויף דעם אגוטען ווינקעלע אדער אין אַ לאָך פון אבוים, אדער אונטער דיא ווארצלען פון אַבוים, אדער זיא גראבט זיך גאר אויס אויף דעם בעזונדערע גריבליך. איהר שפייכלער פאקט דיא וועווערקע אָן מיט קאָרנער אונ מיט זוימען. אנדערע וועווערקעס גראבען זיך אויס אזעלכע עטליכע גריבליך. דיעזע שפייכלער פערזארגען זייא מיט שפייז אויף דעם גאנצען ווינטער. נור עס מאכט זיך אבער אמאל אז דיא וועווערקע פערגעסט וואו איהר שפייכלער געפינט זיך. זיא נעהמט איהם זוכען אונ זוכט אזויא לאנג

ביז

ביז זיא געהט אויס פֿון הונגער. איבערהויפּט קומען דיא וועזוערקעס אפ וען עס שטעהט אשלעכֿטער אָסיען אונ זייא אוספּייען ניט זיך אָן צוא גרייטען שפּייז.

דער האַמשטער (האָמיאַק) פֿערשטעהט זעהר גוט וויא זיך צוא פֿערזארגען מיט שפּייז אויף דיא שלעכֿטע צייט. בייא איהם אין נאָרע ווערט איהר שטענדיג געפינען אמאגאזין אנגעלאדען מיט אלערליי עסענס. זיין נארע איז טיעף אין דער ערד, זיא האלט אמאל 3 ארשין דיא טיעף. אין דער נארע האט ער צווייא טהירען פֿון זיכֿערקייט וועגען, טאמער פֿאללען אָן פֿיינד זאל ער האבען פֿון וואנען ארויסלויפֿען. דיא נארע בעט ער אויס מיט שטרויה, עס זאל איהם זיין ווייכֿער אונ ווארימער צוא זיטצען. פֿון דער נארע געהט אַטהירעלע אין אַ צווייטען צימטעריל וואס געפֿינט זיך לעבען דעם ערשטען. דיעזעס צווייטעס צימטעריל דיענט דעם האמסטער פֿיר אשפּייכֿלער, וואו ער האלט זיינע עסענווארג. אָפֿט געפֿינען זיך בייא איהם אין נארקע אזעלכֿע עטליכֿע שפּייכֿלערציקעס. זיינע שפּייכֿלער פּאקט ער אן מיט קאָרנער פֿון ווייץ, קאָרען אונ דאס גלייכֿען, ער קאנן צונויף קלייבען קאָרנער פֿון דרייא ביז זעכֿס אכֿטעל. דאס קאסט איהם געוואהנליך גענוג צייט אונ מיהע. געוואהנליך געהט ער ארויס מאכֿען זיינע זאַפּאַסען בייא נאכֿט. ער קומט אין פֿעלד וואו עס וואכסט תבואה, חאפּט אן מיט דיא לאפּקעס אַשטרוי, בייגט איהם איין אונ בייסט אפּ דעם זאנג. דער נאך נעהמט ער אריין דעם זאנג אין דיא לאפּקעס, טוהט איהם אריבּ אהער אונ אַ הין, אונ עס פֿאללען ארויס פֿון איהם אללע קאָרנער. דיא אויסגעטרייסעלטע קאָרנער נעהמט ער אריין אין מויל. דאס זעלבע מאכֿט ער מיט נאך אזאנג, אדריטטען, אפֿיערטען אונ פּאקט אָן אין מויל ביז אַ פֿיערטעל פֿונט קאָרנער. ער שטאפּט אזויא אָן דעם מויל, אז עס וויזט אויס וויא דיא באַקען זיינען בייא איהם אנגעשוואלען, אונ זיין גאנצע געזיכֿט ווערט אזויא פֿעראָנדערט, אז מען קאן אויף איהם ניט קוקען אהן אַגעלאָכטער. מיט דעם אנגעשטאפּטען מויל קאן דער האמשטער אפֿילו זיך ניט בייסען. נור פֿון דעסט וועגען איז איהם ניט לייכֿט צוא חאפּען ווארום אין איין אויגענבליק ווארפֿט ער ארויס פון מויל דיא קאָרנער אונ ווערט זיך מיט אלע זיינע קראַפֿטין.

דיא האמשטערען מאכֿען אָן זעהר פֿיעל שאדען אויף דיא תבואה־פֿעלדער. דעראיבער האלט מען אין אנדערע לאָנדער פֿיר נוטצליך אויס צוראָטען דיא האַמשטערען. צום בייא שפּיעל אין טוירינגיען (אין דייטשלאנד) איז דא מענשען, וואס לעבען נאר דער פון, וואס זייא גראבען אויס האמשטערען אונ טיידטען זייא. פֿאר יעדען האמשטער צאהלט מען זייא פֿון שטאדט עטליכֿע קאפּיקעס. פֿון דיעזער בעלאָהנונג אליין וואלטען זייא

געוואהנליך

געוואהנליך נאך ניט געקאנט לעבען, נאר אויסער דעם געהערט אויך צוא זייא דער גאנצער שפייכלער תבואה, וואס זייא געפינען בייא דיא האמשטער אין דיא נארעס. זייא וואשען איבער דיא קאָרנער, טריקענען אויס אונ פערקויפען. דאס טראגט געננג איין.

---

## 3.-טעס קאפיטעל

## וועגען פערשיידענע בעשעפטיגונג פון דיא טהיערען. דיא טהיערען וואס האלטען פיהע אין בעדיענונג.

ניט אלע טהיערען נאָהרען זיך מיט איינענער הארעוואניע. עס איז דא אזעלכע טהיערע, וואס צווינגען אונ נאָטהען אנדערע טהיערען, פון איין אנדער מין, זייא זאללען ארבייטען פאר זייא. פונקט וויא מענשען האלטען בייא זיך היימישע פיה, פערד, אקסען אונ דאס גלייכען, אונ בענוטצען זיך מיט זייא אויף פערשיעדענע ארבייט, אזויא האבען אמאל טהיערען אונטער זיך אנדערע טהיערען, מיט וועלכע זייא פערשאפען זיך וויא מיט קנעכט.

אין זיד-אמעריקע, אין בראזיליע לעבען אזעלכע מוראשקעס וואס האלטען בייא זיך אין דיא מוראשניקעס אזויא וויא אין געפיינגעניש, דיא האלץ-וואַנצען. דיעזע וואנצען ארבייטען אויף דיא מוראשקעס וויא פערד אויף מענשען. זייא שלעפען אין מוראשניק אלע בלעטליך, וואס דיא מוראשקעס קלייבען צונויף. דיא מוראשקעס שטעלען זייא אויס אין צייליען אונ שערענגעס וויא סאלדאטען, אונ געהן נעבען זייא אונ גיעבען אכטונג, אז זייא זאלען ניט צולויפען אונ קיינער פון זייא זאל ניט אוועקווארפען דיא בלעטעלע וואס ער טראגט. וויא דיא מוראשקעס בעמערקען נור, אז אפוילער אדער אקראנקער וואנץ שטעהט אפ פון דיא איבעריגע וואנצען אזוי נעהמען זייא איהם בייסען, אונ בייסען איהם אזויא לאנג ביז ער מוז אנפאנגען געהן געשווינד וויא עס דארף צוזיין. וויא דיא וואנצען ענדיגען זייער ארבייט פערטרייבען זייא דיא מוראשקעס צוריק אין מוראשניק וואו עס איז דא פיר זייא בעזונדערע שטאָלכלאך, אזויא וויא מענשען האלטען בהמות אין בעזונדערע שטאלען. דארטען זיטצען דיא וואנצען ביז וואנען דיא מוראשקעס טרייבען זייא ווידער ארויס צוא דער ארבייט. מען דערצעהלט, אז דיא מוראשקעס בעהאנדלען זייא זעהר שלעכט: זייא פערגיעבען זייא זעהר פיעל ארבייט אונ גיעבען זייא ווייניג עססען.

בייא אונז אין אייראָפע לעבט איין אנדער סארט מוראשקעס, וועלכע האלטען בייא זיך אין דיענסט דיא רויפען (וואָרימליך) פון אגעוויסען זשוק

דיא

דיעזע רויפען קענען זיך גיך פערגראבען אין דער ערד, וואו זייא גראבען פיר זיך ברייטע וועגען. דיא מוראשקעס וויסען פון דעם אונ בענוטצען זיך מיט דיעזע רויפען.

איינער דערצעהלט, אז ער האט אמאל צוגראבען אמוראשניק אין וועלכען ער האט געפונען ארויפע פון דיעזען זשוק. ניט פערשטעהענדיג וויא קוממט אהין דיעזע רויפע, האט ער איהר גענומען אונ ארויסגעווארפען פון דארט. אבער וויא ער האט דאס נאר געטהאן איז געווארען ארודעריי צווישען דיא מוראשקעס, וואס האבען גלייך ארומגערינגעלט דיא רויפע אונ גענומען שטופען אין איין זייט. דער מענש איז געוועזן נייגיעריג צוקוקען, וואהין זייא שטויסען איהר אונ ער האט באלד דערזעהן, אז זייא האבען איהר צוגעשלעפט צוא אקליין שפעלטעלע, וואס איז געוועזן אין דער ערד. דער שפעלטעלע איז געוועזן זעהר קליין אונ אמוראשקע וואלט בשום אופן ניט געקענט דורך קריכען דורך איהם. דיא רויפע אבער איז באלד אריינגעקראכען אהין אונ האט גענומען זיך גראבען אונ מאכען ברייטער דעם שפאלט. מעהר וויא דאס האבען דיא מוראשקעס ניט בעדארפט. דיא רויפע האט זעהר געשווינד געמאכט אוועג גלייך צוא זייא אין קעלער אריין, וואו זייא האבען געהאלטען זייערע גוטס. דורך דיעזען וועג זיינען דיא מוראשקעס אריין צו זיך אין שפייכלער אונ האבען גענומען ראטעווען פון דארט זייערע זאפאסען שפייז. דער זעלבער מענש דערצעהלט, אז ער האט בעמערקט, וויא דיא מוראשקעס בענוטצען זיך מיט דיא וועגען אונטער דער ערד וואס דיא רויפען גראבען פיר זייא אויס.

פיעל סארטען מוראשקעס האלטען בייא זיך פיר קנעכט דיא בעקאנטע אינזעקטען, דיא גראז-לייז. דיעזע גראז-לייז זיינען קלענער פון מוראשקעס. זייא לאזען ארויס פון זיך אויסליכען וואסערעל, וואס דיא מוראשקעס האבען זעהר ליעב. צוליעב דיעזען וואסעריל האלטען זייא דאס בייא זיך דיא מוראשקעס, וואס מעלקען אפילו דיא גראז-לייז. וויא נאר דיא מוראשקע דערזעהט א גראז-לויז, אזויא לויפט זיא צוא איהר צוא אונ נעהמט איהר קיצלען מיט איהרע וואנציקליך דעם בייכעל. דאמאלס לאזט דיא גראז-לויז ארויס פון זיך אלויטערען טראפען זיסע זאפט. דיא מוראשקע שלינגט גיעריג איין דיעזען זאפט.

דיא מוראשקעס גיעבען זעהר גוט אכטונג אויף דיא גראז-לייז. זייא מאכען פון זייערט וועגען בעזונדערע וואהנונגען. אנדערע גראז-לייז לעבען אויף דיא שטענגלאך פון געוואקסע. ארום דיעזע שטענגלאך בויען דיא מוראשקעס אויס אזויא וויא א קוימען (ארוהרע). אינעווייניג צווישען דעם שטענגעל אונ דעם קוימען איז דא גענוג ארט, וואו עס זיטצען דיא גראז-לייז. אין עטליכע ערטער איז דיא רוהרע ברייטער, עס זאל זייא זיין גערוימער

צוא

צוא אטהמען. דיעזע וואהנונגען מאַבען דיא מוראשקעס אויף אזא אַרט, אז נור זייא זאלען קאננען אהין צוקוממען אונ ארויסגעהן, אבער דיא גראז-לייז זאלען פֿון דארט ניט קאננען ארויסגעהן, אנדערע מוראשקעס בויען אויס לאנגע קארידארען גלייך פֿון זייערע מוראשניקעס אין דיא וואהנונגען פֿון דיא גראז-לייז. מיט איין ווארט, דיא גראז-לייז זייען פֿיר מוראשקעס דאס זעלבע וואס פיר מענשען קיה, אונ זייא בויען פֿיר זייערע קיה אויך שטאַלען.

איינער דערצעהלט, אז ער האט אמאל געפֿונען אויף אבוים אקליינעס באַלאַנציק וואס האט געהאלטען ארום אונ ארום ניט מעהר וויא דרייא צאָל דער באַלאַנציק איז געהאנגען אויף אשפיטץ צווייגעלע אונ האט אויסגעוויזען וויא ער וואלט געוועזען געמאַכט פֿון קלייא. צוא דיעזעם באַלאַנציק זייען יעדע מינוט צוגעלאָפֿען מוראשקעס. דער מאנן האט גענומען דעם באַלאַנציק אין האנד אקוק צוא טהון וואס אין איהם איז פֿאַרהאנען, אונ דא האט ער דערזעהן אז אינעווענינ זענען געזעסען גראז-לייז. דאס איז געוועזען אשטאַל, וואו דיא מוראשקעס האבען געהאלטען זייערע קיה.

דיא מוראשקעס גיעבען אכטונג, אז דיא גראז-לייז זאלען האבען וואס צועסען. זייא זארגען פֿאר דיא אייעליך אפֿילו וואס דיא גראז-לייז לעגען, טאמער מאַכט זיך, אז אגראז-לויז לעגט איהרע אייעליך ערגעץ אויף אזאַנג אדער אַ צווייגעל, נעהמען דיא מוראשקעס זייא צוא פֿון דארט אונ בעהאלטען זייא אין מוראשניק, וואו עס קאנן זייא ניט שאדען ניט דער רעגענדיגער הערבסט אונ ניט דער קאלטער ווינטער. ווען עס מאַכט זיך וואס עס איז פֿאר איין אומגליק אין מוראשניק אונ דיא מוראשקעס מוזען ענטלויפֿען, ראטעווען זייא ארויס פֿון מוראשניק ניט נור זייערע אייגענע רויפען, נור דיא אייעליך פֿון דיא גראז-לייז אויך, מיט איין ווארט, דיא מוראשקעס בעמיהען זיך וויא וויט זייא קאננען, אז דיא גראז-לייז זאלען זיך מעהרען אונ זייערע אייעליך זאלען ניט פֿערפֿאלען ווערען אומזיסט. אז עס קומט אָן דער פֿריהלינג אונ פֿון דיא אייעליך קריעכען ארויס קליינע גראז-לייז, טראגען זייא דיא מוראשקעס ארויס פֿון מוראשניק אויפֿין ליכט.

דיא מוראשקעס זוכען אויס פֿיר זייערע קיה'עליך וואס בעסערע אָרטער זיך צוא פֿיטערן. זייא טראגען זייא שטענדיג ארויס אויף אזוינע ארטער, וואו עס איז דא גענוג שפייז פֿאר זייא. דיא מוראשקעס ווייסען שוין וועלכע געוואַכסע דיא גראז-לייז האבען ליעב אונ זעטצען זייא שטענדיג אויף דיעזע געוואַכסע. איינער דערצעהלט וועגען דעם אזא מין מעשה: עס איז געוואקסען בייא איהם אין גארטען צווייא יונגע יאַסענאַווע בוימען, איין בוים איז געוואקסען גוט, אויף דעם אנדערען פֿלעגען אלע פֿריהלינג אנפֿאַלען זעהר פֿיעל גראז-לייז וואס האבען צונישטשעט דיא יונגע בלעטער אונ

און אַש געמאַכט פֿונ'ם גאנצען בוים. ער האט אצייט ניט פֿערשטאנען פֿון וואנען נעהמט זיך דאס פלוצלונג אויף דעם אנדערן בוים מיט אמאל אזויא פֿיעל גראז לייז. איין יאהר האט ער זיך מישב געווען, ער וועט זייא נעהמען אוים ראמען. ער האט גענומען וואסער און האט גוט ארום געוואשען און ריין געמאַכט דעם גאנצען בוים, יעדעס צווייגעלע און יעדע קנאָספּע. דער בוים האט אנגעהויבען וואקסען וויא געהעריג איז און דער ווירטה פֿון דעם גארטען האט זיך שוין געפֿרייעט אז ער איז פטור געווארען פֿון דיא גראז-לייז. אָבער זיין שמחה האט ניט לאנג געדויערט. אין אנפֿאַנג יוני איז ער אַ מאל אויפֿ'ן פֿריה מארגען ארויסגעגאנגען אין גארטען און האט דערזעהן וויא אויף זיין בוים לויפֿען ארויף און אראב גאנצע פאָלקען מוראשקעס. בשעת ער איז צוגעגאנגען נאָהנטער, האט ער בעמערקט אז דיא מוראשקעס שלעפען אויף זיין בוים ארויף גראז-לייז. דיא אונטערשטע צווייגען פֿון דעם בוים זיינען שוין געווען אפגעשאטען מיט דיא גראז-לייז. אין עטליכע וואָכען ארום איז דער בוים געבליבען נאקעט אהן איין בלאַטעלע. ער האט ווידער אבגערייניגט דעם בוים פֿון דיא גראז-לייז, אבער דיא מוראשקעס האבען אנגשטאט זייא באלד אנגעשלעפט נייע.

נאך איינער דערצעהלט, אז ער האט געזעהן, וויא מוראשקעס האבען ארויפֿגעלאזען יונגע גראז-לייז אויף דעם בלום וואס רופט זיך גאַנזענבלום. מיט איין ווארט, דיא מוראשקעס בעזארגען זיך וועגען דעם, דאס זייערע קליינע קיה'ליך זאלין האבין גוטען שפייז.

ניט דיא גראז-לייז אליין לאזען פֿון זיך ארויס אזיסען זאפֿט. עס איז דא נאך קליינע טהיערען חוץ זייא, וואס טהוען דאס אויך. דיא מוראשקעס בענוטצען זיך מיט דיעזע טהיערען אויך.

אויסער מוראשקעס, לעבען אין מוראשניק נאך פיעל אנדערע בעשעפֿענישען וואס דיא מוראשקעס בעליידיגען זייא ניט און גיעבען נאך אמאל אכטונג אויף זייא. למשל אין מוראשניק געפֿינט זיך אפֿט אגאנץ קליינער זשוק. דיעזער זשוקעלע איז גאר אבלינדער און זעהט ניט וויא צוא עסען, דעראיבער קארמען איהם דיא מוראשקעס.

איינער דערצעהלט, אז ער האט אמאל געזעהן, וויא עטליכע מוראשקעס האבען געלעקט אשטיקעל צוקער. דער בלינדער זשוק איז צוגעלאפֿען צוא איינע פֿון דיא מוראשקעס און האט איהר עטליכע מאהל מיט זיינע וואנציליך אקלאפּ געטאהן אין קאפּ. דיא מוראשקע האט אופֿגעהערט צוא עסען דיא צוקער, האט זיך אבגעקעהרט צום זשוקעלע און האט איהם גענומען קאָרמען פֿון מויל.

# מוראשקעס וואס האבען קינדער.

מוראשקעס האלטען בייא זיך אין מוראשניק קנעכט. דיעזע קנעכט זיינען אויך מוראשקעס, נור פון איין אנדער סארט. איהר דארפט וויסען, אז עס איז דא זעהר אסך סארטען מוראשקעס אויף דער וועלט. עס איז פארהאנדען וויסע מוראשקעס, געלע, שווארצע, רויטע אונ אללערלייא אנדערע. עס איז דא גרויסע מיראשקעס אונ קליינע מוראשקעס; עס איז דא אזעלכע וואס האבען גרויסע קאפ אונ שרעקליכע קינבאקען אונ פערקעהרט, וואס האבען קליינע קאפ אונ קליינע קיננבאקען. דיא בלוט-רויטהע מוראשקעס האלטען בייא זיך אין מוראשניק קנעכט, וואס ארבייטען אהן אופהערען פיר זייערע הערשער, שפייזען זייא, ניאנצען אונ ערציעהען זייערע קינדער, אונ בעשיטצען זייא זאגאר פון זייערע פיינדע.

אייניגע סארטען מוראשקעס לאזען קיין מאל ניט ארויס אויף דער ליכטיגער וועלט זייערע קנעכט. דיע קנעכט ארבייטען אין מוראשניק, אונ זייערע הערשער פערשאפען שפייז אונ טהוען אלעסרינג וואס עס מאכט זיך אין דרויסען. ווען דיעזע מוראשקעס דארפען זיך מיט אלעמען איבער-קלייבען אין איין אנדער ארט, נעהמען זייא זייערע קנעכט אין דיא מיילער אונ טראגען זייא אזויא איבער פון דעם אלטען ארט אויף דעם נייען.

אנדערע סארטען מוראשקעס האלטען זעהר אסך קנעכט בייא זיך אין דיע מוראשניקעס. בייא דיע פורפור-רויטע מוראשקעס, למשל, קאנט איהר געפינען צו עטליכע טויזענד קנעכט אין אמוראשניק. דיע קנעכט ארבייטען פאר זייא פון פריה ביז נאכט, אונ דיא הערשער אליין טהוען וועניג. דיע זכרים אונ דיע נקבות טהוען גאר ניט; דיא ארבייטער-מוראשקעס וויסען מעהר גיט וויא צו שטרייטען מיט זייערע פיינד. וויטער טהוען אלסדינג פאר זייא דיא קנעכט. דיא הערשער אליין קאנען אפילו זייערע אייגענע נעסטען פיר זיך ניט מאכען, אונ זיינען ניט פאהיג זייערע אייגענע רופען אום צוא האדעווען. דאס אלעס טהוען זייערע קנעכט. טאמער דארף מען זיך איבער קלייבען אויף אנייען ארט מוזען אויך דיא קנעכט געהן זוכען וואוהין זיך איבערצוקלייבען, ווארום דיא הערשער אליין זיינען דאס ניט אים שטאנד צוא טהאן. אז עס קוממט דיא צייט זיך איבערצוקלייבען נעהמען דיא קנעכט זייערע הערשער אין דיא מיילער אונ טראגען זייא אזויא איבער פון דיא אלטע ערטער אויף דיא נייע. וואס דארפט איהר מעהר, דיא רויטע מוראשקעס קאנען אליין אפילו ניט עסען, מען מוז זייא קארמען. איינער דערצעהלט, אז ער האט אמאל געמאכט אזא מין פראבע. ער האט אריינגעלייגט עטליכע פורפור רויטע מוראשקעס אין אקעסטעל, וואו

עס

עס איז געװען אביסעל האניג. דיעזע מוראשקעס האבען זעהר ליעב האניג. נור פֿון דעסט װעגען האבען זייא זיך צום האניג אפֿילו ניט צוגעריהרט. זייא זיינען אזויא געלעגען דארט אפאר טאג. עטליכֿע פֿון זייא זיינען געשטארבען פֿון הונגער אונ דיא וואס זיינען געבליעבען לעבען, זיינען זעהר אבגעשװאכֿט געװארען. דער מענש האט זיך דערבארימט אויף זייא אונ ער האט געהאפט אמוראשקע-אקנעכֿט אונ האט אריינגעלאזען אין קעסטעלע. דיעזע מוראשקע האט זיך גלייך גינומען צוא דער ארבייט. זיא האט געשװינד אנגעקארמעט דיא הערען, װאס זיינען נאך געבליבען לעבען, דערנאך האט זיא גענומען געהן ארום דיא רויפען פֿיר װעלכֿע זיא האט געמאכֿט בעזונדערע ארטער װאו זייא האבען געקאנט רוהיג ליעגען, מיט איין װארט — דער קנעכֿט האט אלעמען פֿערזארגט.

דיא פורפור-רויטע מוראשקעס, װיא אויבען איז געשטאנען, קאנען אליין ניט עסען אהן װעמעס עס איז הילף. דער מויל איז בייא זייא אזויא געמאכֿט, אז בייסען זיך מיט איהם קאנען זייא אונ צוא קייען דאס עסען — ניט. דעריבער מוזען זייא ניט װילענדיג עססען פֿון קנעכֿטס מויל.

דיא מוראשקעס װאס האבען קנעכֿט, קאנען ניט עססען, ניט טרינקען אהן יענעמס הילף, זייא קאנען נור זיך שלאגען. זייא פֿיהרען אמתע שטרייטען מיט אנדערע סארטען מוראשקעס, אונ בעראבעװען זייערע מוראשניקעס. זייא נעהמען אװעק מיט גװאלט בייא דיא איינגענומענע מוראשקעס דיא רויפען אונ אייעליך אונ טראגען אװעק צוא זיך אין מוראשניק אריין. פֿון דיעזע רויפען װערען געבארען שװארצע מוראשקעס. זייא װערען שוין געבארען קנעכֿט, אונ דעריבער געװאהנען זייא זיך לייכֿט צוא צוא זייער לאגע. אויף דעם ארט פֿערשאפֿען זיך דיא הערשער-מוראשקעס געטרייע קנעכֿט, געהארזאמע אונ ארבייטסזאמע, װאס װייסען פֿון קיין זאך, אויסער זייער מוראשניק. דיעזע קנעכֿט זיינען אזויא געװאהנט אלצדינג צוא טאהן פֿיר דיא הערען, דאס דיא הערען האבען אליין גאר פֿערגעסען װיא מען בויעט אנעסט, װיא מען ערציעהט קינדער אונ אפֿילו װיא אליין צוא עסען.

## װיא מוראשקעס שאפען זיך קנעכט.

פֿיעל מענשען האבען געזעהן מיט דיא אייגענע אויגען װיא מוראשקעס פֿערשאפֿען זיך רויפען פֿון פֿרעמדע מוראשניקעס. דיא מוראשקעס פֿון איין סארט פֿיהרען שטאנדיג שטרייט מיט דיא מוראשקעס פֿון אנדערע סארטען אונ נעהמען איינע בייא דיא אנדערע אין פליען דיא רויפען.

אײדער

איידער זייא געהן ארויס איפֿן שטריט, שיקען זייא אינטער צוא דעם פֿרעמדען מוראשניק שפיאָנעס. דיא שפיאָנעס בעטראכֿטען דעם מוראשניק פֿון אלע זייטען, קוקען ארום אלע זיינע טהירען דורך וועלכֿע מען קאן צוא איהם צוקוממען. נאכֿהער קעהרען זייא זיך אום צוריק צוא זיך אהיים. איידער דיא שפיאנעס געהען אריין אין מוראשניק אבגעבען ראַפּאָרט פֿון זייער רייזע, זיינען זייא זיך אלאנגע צייט מישב וויא עס איז בעסער אויסצופֿיהרען זייער פלאן.

איינע דערצעהלט, אז ער האט גיזעה, וויא דיא שפיאנעס פֿלעגען צוריק קוממענדיג אצייט ארומקריכֿען אויף דעם דאַך פֿון זייער מוראשניק, איידער זייא האבען זיך בעשלאססען אריינצוגעה צוא זייערע קאמעראדען אין איבערגעבען דאס וואס זייא האבען זיך דערוואוסט. — וויא זייא קלאָרען שוין אלצדינג אב, געהן אראפּ עטליכֿע פֿון זייא אין מוראשניק אונ גיעבען איבער אלע נאכֿריכֿטען אינ דאס וואס זייא האבען אבגעקלערט צוא טהאן. באלד נעהמען זיך שיטען דורך אלע טהירען פֿון מוראשניק דיא סאלדאטען. אקורצע צייט לויפֿען זייא אונ דרעהען זיך ארום זייער מוראשניק, פונקט וויא זייא וואלטען זיך צובערייטען צוא דער רייזע, אונ דער נאך לאזען זייא זיך איועק ראַבעווען דעם פֿרעמדען נעסט. אין וועג געהען זייא ציילען וויים, פונקט וויא ריכֿטיגע סאלדאטען. מען האט בעגעגענט פולקען סאלדאטען פֿון מיראשקעס, וואס האבען פֿערנוממען 6 ארשין אין דער לאָנג אונ אוויאָרשקעס 12 אין דער ברייט.

געוויאהנליך געהן זייא ארויס שטרייטען ארום זייגער פֿיער נאך האלבען טאג. דיא וועג געדויערט בייא זייא אפּט אגאנצע שטונדע. וויא זייא קומען אן צום פֿרעמדען מוראשניק, ווערט דארט באלד אַ לאַרם; עס לויפֿען ארויס פֿון דעם פֿיינדליכֿען לאגער דיא סאלדאטען אונ עס הייבט זיך אן צווישען זייא דער שטרייט. דיא רויבער ווענדען אן אלע קראַפֿטען אום וואס גיכֿער צוא האפּען דיא רויפען אינ אוועק געהן, אבער דאס איז ניט אזויא לייכֿט. דיא מוראשקעס בעשיטצען זייער נעכט מיט וואס זייא קאנען. אַמאָל ווערען דיא רויבער פערטריעבען מיט שאנד, אבער עס טרעפֿט איך אז דיא רויבער קעהרען זיך אום צוא זיך מיט הונדערטער רויפען, דארט בייא זיך אין מוראשניק גיעבען זייא איבער דיא רויפען אויף דיא קנעכֿטס הענד, וועלכֿע גיעבען שוין אכֿטונג אויף זייא אונ האדעווען זייא אויס.

אזעלכֿע בעפֿאללען מאכֿען זייא דורכֿן זוממער עטליכֿע מאל. איין מאל האבען אזעלכֿע רויבער צוא ווארפֿען אמוראשניק אינ ארויסגעטריבען דיא געלע מוראשקעס. אין אזוי ארום האבען זיך דיא אומגליקליכֿע מוראשקעס געמאכֿט אנייע וואהנונג. אבער וויא דיא רויבער האבען דאס נאר ערפֿאַהרען האבען זייא ווידער געמאכֿט אַ בעפֿאלל אויף דיא געלע מוראשקעס, האבען

ווידער

פיעדער צוא ווארפען זייער נעסט אונ אוועקגעפיהרט זייערע רויפען נאך אמאל.

אנדערע מוראשקעס זיינען אזעלכע רויבער, אז אין איין זומער האלטען זייא פיערציג מאל מלחמה, און אמאל נאך מעהר. מען האט אמאל בעמערקט, אז איין נעסט פון אזעלכע רויבער האבען דורך'ן זומער געפיהרט פיער אונ פיערציג שטרייטען אונ 28 מאל האט זייא געגאלטען זיך אומצוקעהרען פון שטרייט מיט פיעל רויב.

דיא בלוט-רויטע מוראשקעס בעלאגערען פרעמדע מוראשניקעס, פונקט וויא מענשען בעלאגער'ן אשטאדט. זייא רינגלען ארום דעם מוראשניק פון אלע זייטען, נאהנט געהען זייא צוא איהם ניט צוא, אבער זייא לאזען פון איהם קיינעם ניט ארויס. אזויא שטעהען זייא אונווארטען ביז וואנען עס קומען צוא זייא אונטער מיטהעלפער פון זייער מוראשניק. וויא זייא פיהלען זיך שוין גענוג שטארק, מאכען זייא מיט האסט אבנפאלל אויף דעם פרעמדען מוראשניק אונ זעהען צוא פערנעהמען אלע וועגען אונ אלע טהירען פון איהם. בייא יעדער טהיר שטעלט זיך אַ באַטאַליאָן בלוטיגע מוראשקעס, וועלכע קאַראולען דיא בעלעגערטע מוראשקעס אונ לאזען זייא ניט ארויסטראגען זייערע רויפען. דיא מוראשקעס, וואס געהן ארויס אהן רויפען, לאזען זייא הנ"ך, אבער דיא וואס האבען מיט זיך רויפען, שטעלען זייא אב אונ נעהמען בייא זייא אוועק דיא רויפען. אויף דעם אופן ט ייבען זייא ארויס פון מוראשניק אלע בעשיטצער, אלע סאלדאטען, אונ דערנאך קריעכען זייא אהין אריין, קלייבען רוהיג צונויף דיא רויפען אונ טראגען אוועק צוא זיך אין מוראשניק אריין.

דיא מוראשקעס קאנען ניט נור אנפאלען, אבער זייא זיינען אויך אים שטאנד זיך צוא בעשיטצען. דיא קנעכט-הערשער, צום בייספיעל, קומט זעהר שווער אן איינצונעהמען דיא געלע מוראשקעס, ווייל זייא שיטצען זיך ביז דאס לעטצטע.

דיא בעלאגערער קאנען נאר טריט בייא טריט געהן פארווערטס, ווארום דיא פיינד פערצאמען זייא דיא וועג אונ האָרן זיך ניט אויף מיט זייא צוא שלאגען אפילו בשעת זייא שפארען זיך שוין אריין מיט געוואלט צוא זייא אין מוראשניק. אונ אין דער צייט וויא איין טהייל פון דיא געלע מוראשקעס האלטען אב זייער פיינד אונ לאזען איהם ניט געהן, גראבט דער אנדערער טהייל אונטער דר'ערד לאנגע היילען, דורך וואנען זייא זאלען קאנען ענטלויפען אז מען וועט דארפען. אפט איז בייא זייא שוין דא פון פריער אזעלכע היילען אונ סעקרעטנע טהירען.

עס טרעפט אמאל אויך, דאס מוראשקעס פון דעם זעלביגען סארט נור פון פערשיעדענע מוראשניקעס, פיהרען צווישען זיך אויך שטרייטען. אונ אזעלכע שטרייטען זיינען דיא שרעקליכסטע אונ עס ווערד אין זייא

פערגאססען

פֿערגאססען פֿיעל מעהר בלוט ווי אין געוואהנליכֿע, אזוי ווי דאס קומט פֿאָר אין די בירגער שטרייטען ביי מענשען. אזעלכֿע שטרייטען טרעפֿפֿען זיך, צום ביישפיעל, צווישען די ערד־ארבייטער־מוראשקעס, ווען איין מוראשניק וויל מיט געוואלט אוועקנעהמען ביי דעם אנדערען זיינען זאַפּאַסען תבואה.

ביי אייניגע מוראשקעס געדויערט אזא שטרייט עטליכֿע שטונדען, צום העכֿסטען אטאג, אבער ביי אנדערע קאן זיך דער שטרייט פֿערציהען אויף עטליכֿע טאָג, אמאל נאך אויף עטליכֿע וואכֿען אויך.

איינער איז אמאל געוועזען נייגיעריג און האט זיך צוגעקוקט צו אזא שטרייט פֿון טאג צו טאג די גאנצע צייט וואס ער האט געדויערט, און די זאך האט זיך פֿערצויגען גאנצע זעכס און פֿיערציג טאג. „עס קאן זיין, דערצעהלט דיעזער מאן, אז דער שטרייט פֿלעגט זיך אין מיטטען ווען עס איז אבשטעלען, אבער ניט אויף לאנג. איך קאן מעהר ניט זאגען, דאס ווען איך בין אהין ניט געקוממען, פֿלעג איך זיי שטענדיג טרעפֿען זיך שלאגענדיג. ענדליך, האבען דאך די מוראשקעס פֿון איין מוראשניק אוועקגינומען אללע זאפאסען ביי דעם אנדער מוראשניק און אריבערגעשלעפט צו זיך".

מוראשקעס ערד ארבייטער פֿיהרען צווישען זיך אמאל שטרייטען איבער ערד. איינער דערצעהלט וועגען דעם דאס וואס ער האט אליין געזעהן מיט די אויגען. אין איין וועלדעל איז געוועזען אמוראשניק פֿון ערד ארבייטער. ניט ווייט פֿון דארט האבען זיך אויסגעבויעט אנעסט אנדערע מוראשקעס. דאס איז די פֿריהערדיגע איינוואהנער ניט געפֿעלען געווארען. מוראשקעס קליבען זיך אויף קאָרנער, אמאל גאנץ ווייט פֿון זייער מוראשניק, און זיי האבען ניט ליעב, אז פֿרעמדע מוראשקעס זאלען קלייבען מיט זיי אין די זעלבע אָרטער. עס האט קיין צוויי טאג ניט געדויערט ווי עס האט זיך אנגעהויבען צווישען ביידע מוראשניקעס אַשטרייט: די אלטע איינוואהנער זיינען אנגעפֿאלען אויף די וואס האבען זיך דארט נאר וואס בעזעצט. זיי האבען דעם נייען מוראשניק ארום גערינגעלט פֿון אלע זייטען. זיינען אריין אינעווייניג און האבען געטיידט די פֿרעמדע פֿיינדע. די נייע האבען אויך ניט געשוויגען, זיי האבען זיך געראנגעלט ווי די העלדען. דער שטרייט האט זיך געצויגען אויף אַ שטרעקע פֿון צוויי קלאַפֿטער ארום דעם מוראשניק. די מוראשקעס האבען זיך געשלאגען צו פּאָר ווייס איינער אויף איינעם. מען האט זיך געשלאגען אהן ערבארמען. אָפֿט פֿלעגט אקליינע מוראשקע פֿון די נייע חאפען איהר פֿיינד פֿאר'ן פֿיסעל און האט איהר אבגעריסען. יענע זיינען ניט געבליעבען שולדיג און האבען

נלייך

גלייך בעצאהלט אונ פֿלעגען אבבייססען בייא זייערע געגנער דיא קאָפּ אות דיא בייכֿער. דער שטרייט האט געדויערט עטליכֿע טאָג.

אין אפאר טאג ארום איז דער מענש געקוממען אויף יענעם ארט, וואו עס איז געוועזן דער שטרייט אונ ער האט דארט דערזעהען ליעגענדיג זעהר פֿיעל טוידטע מוראשקעס. דאס זיינען גיוועזן דיא וואס זיינען געפֿאללען אין שטרייט. זייא זיינען געלעגען איינגעשטשעמעט איינע אין דיא אנדערע מיט דיא לאפקעס אין דיא מיילער, אויף דר'ערד האבען זיך געוואלגערט הונדערטער קערפער אהן פֿיס אונ אהן קאָפּ.

## דיא שטרייטען פֿון ביענען.

דיא ביענען פֿיהרען אויך שטרייטען אזויא וויא דיא מוראשקעס. זייא שטרייטען צווישען זיך איינע מיט דיא אנדערע איבער דיא האניג וואס זייא נעהמען אוועק איינע פֿון דיא אנדערע.

עס איז דא אזעלכֿע ביענען, וואס לעבען נור פֿון פֿרעמדע. זייא ראבירען פֿרעמדע בינשטאקען אדער איינציג ווייס אדער אין קאמפאניע מיט אנדערע. עס מאכֿט זיך, אז עס פֿאלט אן אויף אביענשטאק אגאנצער מיליטאָר פֿון פֿרעמדע ביענען. עס ווערד, אשטרייט דיא ווירטהען דיא אייגענטהימער פֿון ביענשטאק גיעבען זיך ניט אונטער, זייא שיטצען זיך מיט אלע קראָפֿטען. ווער עס איז שטארקער, דער נעהמט איין גאנץ אפֿט איז דער ביענשטאק פֿערפֿאללען. דיא פֿיינדליכֿע רויבער פֿאללען אריין אונ פֿריער פֿאר אלסדינג טיידטען זייא דיא מוטטער אדער דיא קאָניגין פֿון דעם בינשטאק. וויא נור דיא מוטטער איז טוידט, אזויא איז שוין נאך דעם בינשטאק. דיא בינען פֿערליערען מוטה אונ האפֿנונג. זייא גלויבען אז זייא האבען שוין אין גאנצען פֿרעשפיעלט. זייא הערען זיך אויף צוא ראנגלען אונ אנדערע טהוען נאך ערגער: זייא געהען איבער אויפֿ'ן פֿיינדס זייט אונ נעהמען צוזאמען מיט איהם ראבירען דעם בינשטאק. זייא העלפֿען איהם ברעכען דיא ביענענצעלען פֿון אייגענעם ביענשטאק אונ טראגען איבער זייער אייגענע האניג אין אפֿרעמדען ביענשטאק.

איינינע סארטען ביענען לעבען נור פֿון ראזבאָיי. זייא ראַמען אוים אללע ארומיגע ביענשטאקען איינעם נאך דעם אנדערען. עס טרעפֿט דאס זייא צוא ראבירען גאנצע פאַסיעקעס (אפֿעלד מיט עטליכֿע בינשטאקען).

עס איז דא אזעלכֿע ביענען, וואס פֿאלען אן ניט אויפֿ'ן בינשטאק, נור אויף דיא ביענען וואס טראגען אהין האניג. וויא דער רויבער דער זעהט אין פֿעלד אזא ביען, אזויא פֿאלט ער אן אויף איהם אונ נעהמט

אַפּ בייא איהם דיא האניג. אמאל קלייבען זיך צונויף גאנצע שייקעס פֿון אזעלכע רויבער אונ פֿאלען אן זאַלבע עטליכֿע איפּין ביענן מיט דיא האניג. איינע האלטען איהם פֿאר דיא פֿיסעליך, אונ דיא איבעריגע שטעכֿען איהם, בייסען איהם אזויא לאנג ביז ער שטעקט ארויס דעם צונג. מעהר וויא דאס דארפֿען זייא ניט. זייא לעקען אראפּ פֿון צונג איינער נאך דעם אנדערען דיא האניג אונ דער נאך לאזען זייא אוועק דעם ביענן אויף אלע פיער זייטען.

---

## 4.-טעס קאפּיטעל

## דיא טהיערען בויען וואהנונגען אונ זארגען פיר זייערע קינדער. טהיערען ארחיטעקטארען.

אויסער דיא זאָרג, וואס טהיערען האבען, זיך צופֿערזיכֿערען געגען פֿיינד אונ צוא שאפֿען פֿיר זיך וואס בעסער אונ מעהר שפייז, ליעגט נאך אויף זייא דיא זאָרג, צוא בויען פֿיר זיך אַוואהנונג. ניט ווילענדיג מוז יעדע לעבעדיגע בעשאֶפֿענים ווערען אבוימייסטער, איין ארחיטעקטאר. וויא צווישען מענשען, אזויא איז אונטער טהיערען אויך דא גוטע מייסטערעס, אנדערע טהיערען בויען זיך גאר ניט קיין וואהנונגען, וואהנען וואו עס מאכֿט זיך, היינט זענען זייא דא אונ מארגען זענען זייא אויף איין אנדער ארט, פונקט וויא ווילדע מענשען, וואס וואהנען אין היילען, אונטער אַ צווייג פֿון אַ בוים, אדער גאר אונטער דעם פֿרייען הימעל, נור דער פֿאר אבער איז דא צווישען טהיערען אזעלכֿע קינצלער פֿון ארחיטעקטארען דאס עס איז צוא בעוואונדערען, עס איז דא צווישען זייא אלערלייא מייס-טערעס, מוליארעס, צעסליארעס אונ אפֿילו אינזשעניערען, עס איז דא אזעלכֿע וואס קאנען נייען, פֿלעכֿטען, טאָקען, שניטצען, שניידען, קלעפּען אונ ז. וו. אונ אַלצדינג ווערד בייא זייא געמאכֿט אהן הענד, ווער עס ארבייט מיט'ן שנאבעל, ווער מיט דיא נעגעל, מיט איינעם ווארטע, וואס איינער האט, מיט דעם ארבייט ער. פֿיעל פֿערשיידענע געביידען בויען פֿיר זיך דיא טהיערען. איינינע טהיערען מאכֿען זיך נארעס אונ לעבען דארט אב דעם גאנצען לעבען. אנדערע אבער בויען זיך נעסטען נור אויף דיא צייט וואס זייא זייען פֿערנומען מיט'ן האבען, אונ מיט דער ערציעהונג פֿון זייערע קינדער עס איז ווידער דא אזעלכֿע טהיערען וואס בויען אויס גאנצע שטאָדט, גראבען קאַנאַלען מאכֿען בריקען אונ שטעלען אויף פֿיעל פֿערשיידענע געביידען.

---

## וויא טה׳ערען גראבען.

עס איז דא פיעל טהיערען וואס קאנען זיך אויסגעצייכענט גראבען אין דער ערד אונ מאכען זיך דארט וואהנונגען. דער קראָט, למשל, גראבט אויס אין דער ערד לאנגע וועגען; דיעזע וועגען ציעהען זיך אין פערשיידענע זייטען, אין פיעל אָרטער בעגעגענען זייא זיך אונ שניידען זיך איבער. אלע דיעזע וועגען פיהרען אין קראטס וואהנונג. זיין וואהנונג מאכט ער זיך פון ערד. פון דערויסען ווייזט אויס זיין וואהנונג וויא אקליין בערגעלע. אינעווענינ, אין רעכטען מיטען בערגעלע, מאכט זיך דער קראט אַ שלאפציממער. ארום דעם שלאף-ציממער געהען צווייא בעזונדערע וועגען איינע אויף דער אנדערע, זייא דרעהען זיך וויא רינגען. פון דעם אויבערשטען רינג געהען פינף בעזונדערע וועגען צוא דעם אונטערשטען מיט דיעזע וועגען געהט דער קראָט ארויף פון דעם אונטערשטען רינג אין דעם אויבערשטען אונ פון דארט געהט ער שוין גלייך אריין צוא זיך אין שלאפציממער. דיא ווענט פון זיין וואהנונג טרעט ער איין אונ מאכט זייא גלאט אונ אין שלאפציממער מאכט ער זיך אבעט פון בלאָטער אונ מאָה. דארט זיטצט ער אלע מאל, אויסער ווען ער געהט ארויס אויף געיאָג. דרייא מאל אין טאג געהט ער ארויס אויף געיאָג. ווייט געהט ער ניט אוועק; זיין געיאָג מאכט ער אַקלאַפטער פופצעהן צוואנציג פון זיין וואהנונג. אונ אזעלכע לאנגע וועגען גראבט ער זיך אויס אינטער דער ערד. דורך דיעזע אונטער ערדישע וועגען לויפט ער דורך אין דיא ארטער, וואו עס געפינען זיך וואָרים, זשוקעס אונ פיעל אנדערע בעשעפענישען מיט וועלכע ער נאָהרט זיך. ווען עס איז נאָטהיג, קאנן ער געשווינד אויסגראבען נייע וועגען. מען דערצאָהלט, אז אין ווייכער ערד קאנן זיך דער קראט אזויא גיך גראבען וויא גיך אַ פיש שווימט אין וואסער, בעזונדערע וועגען גראבט זיך דער קראט אין דר׳ערד פון זיין וואהנונג צום וואססער ערגעץ צוא אַ טייכעל אדער אלוזשע. דער קראט קאנן אברונעם אויך אויסגראבען. איינער וואס האפט קראטען דערצעהלט, אז אנדערע קראטען גראבען אויס בייא זיך אין וואהנונג טיעפע ברונימער, אין פייכטע וועטטערען, ווען עס געהט רעגענס, ווערען דיעזע ברונימער פולל מיט וואסער. טיעף אונטער דער ערד האַלט זיך דאס וואססער אַ לאנגע צייט, אונ דער קראָט לאזט זיך אראפ אין זיין ברונעם ווען ער וויל נאר אטרונק. אהן וואסער קאנן דער קראט ניט אויסקומען. מען זאל אין אַ טרוקענעם וועטער ווען עס געהט קיין רעגען ניט, אויסזוכען אזא מין ברונעם אונ אריינגיעסען וואססער וועט געווים קומען אהין צולויפען אַ קראָט, אינ אָפשר עטליכע מיט אמאל. אויף דעם אופן קאנן מען זייא אריינגארען אין זאק אונ פאנגען.

 אין

אין אויסטראליען לעבט אקליינעס טהיערעל וואס מען רופֿט שנאָבעל טהיער, וויל איהר נאז ווייזט אויז וויא אַ שנאבעל פֿון איין ענטעל. איהרע פֿיס זייען אויך וויא בייא איין ענטעל, מיט אַ הייטעל צווישען דיא פֿינגער, צוליעב וואס עס איז דעם שנאבעל טהיר זעהר בעקוועם צושווימען. דאס שנאבעל טהיר שווימט ווירקליך זעהר גוט אונ איהר וואהנונג מאכֿט זיא זיך שטענדיג ביים ברעג טייך. זיא גראבט זיך אויס אַ נארע נאהינט צום וואסער פֿערזארגט דיא נארע מיט צווייא טהירען, איינע קומט ארוים אויף־ן ברעג. דאס שנאבעל-טהיער גראַבט זיין נאָרע זעהר קונטציג. רייזענדע האבען געזעהן נארעס פֿון שנאבעל טהיערען וואס האבען זיך געצויגען אויף 7 קלאפֿטער, אין דיא לאֶנג, גאר אין עק נארע מאכֿט זיך דאס שנאבעל טהיער אַ וואהנונג דארט האלט זיא איהרע קינדער.

פֿייגלען קאנען זיך אויך גראבען אין דער ערד, צום ביישפיעל, דאס פֿייגעלע פֿעטגאנז בויעט זיך אַ נעסט אין דער ערד. אז עס קומט דיא צייט ווען דיא פֿעט גאנז דארף לייגען אייער נעהמט זיך דער „ער" צוא דער ארבייט. ער זוכֿט אויף וואס אווייכֿערע ערד אונ פֿאנגט אן צוגראבען אַ נעסט. דער "ער" גראבט אונ דיא „זיע" העלפֿט איהם אונטער. אין דער צייט וואס ער גראבט איז ער אזויא פֿערטיעפֿט אין זיין ארבייט, אז ער הערט ניט אונ זעהט ניט. יאֶגער דערצעהלען, אז אין דער צייט וואס דער פֿעטגאנז גראבט זיין נעסט קאן מען איהם חאפּען מיט דיא האֶנד. זיין נארע געפֿינדט זיך אימטער טיעף אין דער ערד, דער ארייגאנג אהין ציעהט זיך כמעט אויף $1^1/_2$ ארשין אין דער לאֶנג, אויסער דעם מאכֿט ער זיך נאך וואו עס איז אַזאַפֿאַסנע טהיר, ער זאל האבען פֿון וואנען צוא אנטלויפֿען אין איין אומגליק. עס איז שווער צוא פֿערשטעהן, וויא קאנען זיך שלאנגען גראבען אין דער ערד. טהיערען ארבייטען מיט דיא לאפעס אונ מיט דיא נעגעל, פֿייגלען מיט דיא שנאבלען אונ מיט דיא פֿיס, אבער מיט וואס גראבט דער שלאנג דיא ערד? אונ פֿון דעסט וועגען איז דאך דא אזעלכֿע שלאנגען, וואס קאנען זעהר גוט זיך גראבען אין דער ערד. אין אמעריקא אויף דעם אינזעל יאַמאַייקע לעבען אסארט געלע שלאנגען. זייא ווינען דארט דא זעהר פֿיעל אונ מענשען האבען פֿאר זייא קיין פֿורכֿט ניט, וויל דיא געלע שלאנגען זיינען ניט קיין גיפֿטיגע. איין מאל האט מען דערזעהן, וויא אגעלער שלאנג איז ארויסגעקראכֿען פֿון אקופּע ווייכֿער ערד. דיא ערד האט מען ניט לאנג פֿאר דעם געבראכֿט אין גארטען אויף בייטען. דער גאָרטנער האט זיך געוואונדערט, וויא קומטט אהין דער געלער שלאנג; אז ער האט פֿערנאנדער געווארפֿען דיא ערד, האט ער דער זעהן, אז דער שלאנג האט זיך אויף יענעם ארט אין דר'ערד אויסגעבויט אגוטען נעסט. ער האט זיך געקליגט אויסצוגראבען אונטער דר'ערד אַ וועג. געגראבען

האט

האט ער מיט'ן קאפ און ארום געוואָרפען דיא ערד אויף דרויסען מיט דעם גאנצען קאָרפער.

עס איז דא שנעקעס, וואס מאכען וואהנונגען אין שטיינערנע פעלזען. אויפ'ן רעכטען ברעג אָקעאַן בעגעגענט מען אין אנדערע אָרטער מראכארנע פעלזען וואס זיינען דורך געלעכערט פונקט וויא מיט איין עגבאָהער. דאס האבען דיא שנעקעס אזויא דורך געבאָהערט. זייא באָהערען מראַמאָרנע פעלזען גאר מיט אנאנדער קונץ. אזויא וויא מען ווייס, איז ביי דיא שנעקעס דער קאָרפער אלע מאל בעדעקט מיט אפייכטען שליים. דיעזער שליים עססט אויס דעם שטיין, אזויא וויא אשאַרפע זייערקייט.

אין קאָעאַן לעבט אקליינער און אשיינער מין מושעל וואס מען רופט דער שטיין שלייפער. דיעזער מושעל האט אשוואכען קאָרפער, דעננאך קאן ער שטיינער שלייפען, עד שלייפט, צום ביישפיעל, אויס טיפע גריבער אין דיא קריידט-שטיינער. דיעזער מושעל איז בעדעקט מיט דיננע און הארטע נאדלען מיט וועלכע ער ארבייט וויא מיט איין עגבאָהער. ער קלעפט זיך צוא אַ פעלז, נעהמט זיך פאמעלאך דרעהען און פאנגט אן מיט זיינע שארפע נאדלען צוא שאבען און צוא קראטצען דעם פעלז אויף איין ארט. ער שאבט אזויא לאנג ביז ער שאבט זיך אויס אין פעלז אוואהנונג, דארט בעהאלט ער זיך פון זיינע פיינד.

---

## טהיערען מולארעס.

ביי דיא ברעגען פון דעם מיטעללאָנדישען מעער לעבט איין סארט פייגלען, וואס הייסען פלאַמינגעס אדער רויטע גאָנז. דאס איז אזומפ-פייגעל. ער האט לאנגע פיס און אלאנגע האלז, נור אקליינע טולע. זיינע פעדערען פון דעם גאנצען קאָרפער זיינען טונקעל רויט און דיא פליעגלען העל רויט. מען בעגעגענט פון דיא רויטע גאָנז גרויסע סטאיעס. אז מען טהוט אקוק אין פריה-מארגען אויף אטייך, וואו עס לעבען רויטע גאָנז, ווייזט פון וויטען אויס דער ברעג, וויא אַ דאַמבע פון רויטע שטיינער. דאס שטעהען אין לאנגע צייל‍ען דיא רויטע גאָנז און פאנגען פיש.

דיעזע פייגלען בויען זיך זעהר וואונדערליכע נעסטען. זייא בויען זייא ניט אויף דער ערד (יבשה), נור אין וואסער, וואו עס איז ניט טיעף, נעבען ברעג. דעם נעסט מאכען זייא פון זאמד און לעהם. און ער ווייזט אויס וויא אסלופ, וואס איז פון אונטען ברייטער און אויבען שמאָלער. דיעזער סלופ איז הויך צוועלף ווערשאק און אמאל זאגאר איין ארשין, און געהט ארויס פון אונטערן וואסער. אויפ'ן רעכטען שפיטץ פון דעם סלופ לעגט דיעזע פייגעל

אייער. אויף דיעזעם סלופ זיטצט אויך דיא פֿייגעל, בשעת זיא זיטצט אויף דיא אייער. איהרע לאנגע פֿיס לאזט זיא, ווען זיא ווילל, אראפּ אין וואססער, אדער זיא האלט זייא אונטער זיך. דער נעסט איז אלעמאל אזויא הויך, אז דאס וואססער הייבט זיך קיין מאל ניט אויף ביז'ן שפּיטץ.

דיא רויטע גאנז קאנן זיך גאנץ רוהיג זיטצען אויף איהרע אייער. געהן אויף גאֶיעג פֿאנגען וואס עס איז פֿיר זיך צוא עססען, דארף זיא ניט: דיא פֿיש שווימטען אליין צוא האַרד צוא איהר נעסט אונ אזויא וויא זיא האט אַ לאנגע האלז, קאן זיא לייכֿט פֿאנגען דיא פֿיש, ניט אראבגעהענדיג פֿון נעסט.

צווישען דיא פֿייגלען זיינען דא אזוינע, וואס קאננען אויסגעצייכֿענט אויס קנעטען פֿון לעהם זייערע נעסטען. איין סאָרט פֿייגעליך האט מען פֿאר אזא קונציגער ארבייט זאָגאַר אַנאטען געגעבען דיא מולאַרעס. זייא לעבען אין אמעריקע אונ זיינען ניט גרעסער וויא אונזער ושאַוואָראָנאק (לערכֿע).

אריידענדער דערצעהלט, אז ער האט איין מאל דערזעהן אויף אבוים עטליכֿע קוילען פֿון לעהם. זייא האבען אויסגעוויעזען וויא באַלאָנען אונ זיינען געלעגען אויף גראבע צווייגען. ער האט ניט געקענט פֿערשטעהן וואס איז דאס פֿאר קוילען, נור אזויא וויא עס איז געוועזען נאהנט פֿון אַ דארף, האט ער גערעכֿענט אז דאס האבען מענשען אויס געקייקעלט אויף וואס עס איז. וויא ער איז אבער צוגעפֿאהרען נאהענטער צום בוים, האט ער בעמערקט, אז דיעזע לעהמענע קוילען זיינען נעסטען, וואס דיא מוליער-פֿייגלען האבען אויסגעקנאטען. יעדער נעסט, דער צעהלט ער, האט געקאנט וואָגען אפֿונט נייען אונ איז געוועזען גרויס פֿיער ווערשאק דיעזע קוילען-נעסטען האבען אַ רונדע לאך, דורך וואנען דיא פֿייגליך געהען אריין, אונ אין מיטטען זיינען זייא איבערגעצאמט מיט לעהמענע וואָנדליך. אין דער הינטערשטען אבטהיילונג זיטצט דיע „זיע" אויף איהרע אייער, אונ אין דער פֿארדערשטען וואהנט דער „ער", וועלכֿער פערזאָרגט דיא „זיע" מיט שפּייז אונ מאכֿט איהר פֿערגעניגען מיט זיין געזאנג.

איין אנדער רייזענדער האט געזעהען, וויא דיא פֿייגלען-מוליארעס קנעטען אויס פֿון לעהם זייערע נעסטען. צום ערשטען זוכֿען אויס ביידע פֿייגלען, „ער" אונ „זיע", איין ארט וואס פּאַסט פֿיר אַ נעסט: אַדאך פֿון אהויז, אישפּיטץ פֿון אקירכֿע, אדער אצווייג פֿון אבוים. וויא זייא געפֿינען שוין איין אָרט נאך זייער געשמאק, פֿאנגען זייא אן צונויפֿקלייבען לעהם. דער נעסט ווערד געבויט אין רעגען-צייט, דעריבער ווייל עס איז דאמאלט דא אפֿולע וויכֿע לעהם. פֿון דיעזע לעהם קנעטען דיא פֿייגלאך אויס קוגעלאך וואס זיינען גרויס וויא אקויל פֿון אַביקס, אונ טראגען זייא אוועק אויף דעם

ארט

ארט וואס זייא האבען אויסגעקליבען. דארט צורייבען זייא דיא קוגעלאך לעהם מיט דיא פיס אונ מיט'ן שנאבעל אונ פערלעגען אפונדאמענט. דער בייא מישען זייא נאך אריין אין דיא לעהם גראז אונ אנדערע געוואקסע. אז זייא ווערען שוין פערטיג מיט'ן פונדאמענט, נעהמען זייא ארויף פיהרען פון יעדער זייט אהויכען ברעג. צום ערשטען מאכען זייא דעם ברעג אויסגעבויגען צוא דערויסען צוא אונ דער נאך איניווענינ אריין. אונ וואס העכער, אלץ מעהר. עס איז מערקווירדיג, דאס דיא פייגעלאך בויען ניט אויס זייער נעסט מיט אמאל, אבער זייא קנעטען אויס איין ברעג אונ לאזען זיך איהם אויס־טריקענען, נאך אברעג, אונ לאזען איהם אויך זיך אויסטריקענען. אזויא בויען זייא אויס פון לעהם אווארען געוועלב.

דער נעסט פון דיא פייגלען־מוליארעס, איז ארונדער וויא אקויל, נור עס איז אויך דא אזעלכע פייגלען, וואס קנעטען נעסטען פון לעהם, וועלכע וויזען אויס וויא אפלאש. אזעלכע פייגלען לעבען אין אויסטראליען אונ מען רופט זייא אריעל־שוואלבען. זייא לעבען אין סטאדעס פון עטליכע צעהנדליג אונ אמאל פון עטליכע הונדערט. זייערע נעסטען בעגעגענט מען אויף דיא פעלזען. זייא זעהען אויס אזויא וויא צום וואנד וואלט געווען צוגעמאכט עטליכע צעהנדליג לעהמענע פלעשער. יעדער פלאשעל איז מיט'ן האלזעל אראב אונ פאראויס. דאס האלזעל האלט 5 ווערשאק דיא לאנג. דורך דאס האלזעל געהען אריין דיא פייגעלאך אין סאמע נעסט. אויף אזא נעסט הארעווען געוואהנליך זעכס, זיעבען פייגלאך מיט אמאל, וועלכע ארבייטען צוא זאממען: היינט בויען זייא אנעסט פיר איין פאר, מארגען פיר איין אנדער פאר. אין דער גאנצען צייט פון דער ארבייט זיטצט איין שוואלב אינעווענינ אין נעסט; וויא עס שיינט איז דאס דער ארחיטעקטאר דער הויפט מייסטער. דיא איבעריגע פייגלאך ברענגען מאטעריאל, וואס עס פאדערט זיך צוא דער ארבייט.

קיין זאך שטערט זייא ניט פון דער ארבייט, זייא הערען ערשט דאמאלס אויף צוא ארבייטען ווען דיא ברענענדיגע זונן טריקענט אזויא אויס דיא לעהם, אז זיא לאזט זיך ניט קנעטען.

---

## אוועספע אמולער.

אנדערע סארטען וועספען בעשעפטיגען זיך מיט מולעריי. אין זיד־אמעריקע לעבען וועספען, וואס בויען זיך אנעסט פון לעהם. דער נעסט וויזט אויס וויא אקליינער זעקעלע אונ געפינט זיך ערגעץ אויף אצווייגעלע פון אבוים. איינער דערצעהלט, אז אוועספע האט זיך אמאל מישב געווען צוא בויען אנעסט

אגעכט בייא איהם אין צאָלנע. זיא האט געארבייט פלייסיג. יעדער מינוט איז זיא אוועקגעפלויגען נאך לעהם אונ האט זיך אומגעקעהרט מיט אשטיקעל לעהם אין מויל, פלעגט אוועקלעגען דיא לעהם וואו עס איז געוועזען נעטהיג אונ דער נאך האט זיא עס איינגעטראטען מיט דיא פיסליך פון דערויסען אונ פון איניווענינ. זיא האט געארבייט עטליכע טאָג. אין אנאסען וועטער האט זיא אויפגעהערט צוא טאן. אין אַוואָך איז געווארען פערטיג דער נעסט. זיא האט אין נעסט געלעגט איהרע אייעליך אונ אנגעפאנגען אפולע קליינע שפינען, איהרע צוקינפטיגע קינדער זאללען האבען וואס צוא עססען, וויא זייא וועלען ארויסגעהן פון דיא אייעליך, אונ זאלען ניט שטארבען פון הונגער.

דיא ווייסע מוראשקעס אדער דיא טערמיטען בויען זיך אויס פון לעהם זואהרע פאלאטצען אונ זאגאר שטאָדט. מען האט בעגעגענט נעסטען פון טערמיטען, וואס האבען געהאלטען דרייא קלאפטער דיא הויך אונ פופצעהן קלאפטער ארום אונ ארום. דיעזע נעסטען ווערען געמאכט זעהר שטארק אונ גוט. אמענש קאן זיך שטעלען אויפ'ן שפיטץ נעסט אונ דער נעסט פאלט ניט איין. דער נעסט איז אזויא שטארק, דאס ער האלט אפילו אויס דיא משא פון בופעל-אָקסען, וואס קלעטערן אויף איהם צוא זעהן אויב עס געהט ניט פון ווארנען אפיינד. אין אזא נעסט וואהנען הונדערטע טויזענד אונ זאגאר מיליאנען טערמיטען. אזויא וויא בייא געוואהנליכע מוראשקעס, געפינען זיך צווישען זייא אויך ער'ן אונ זיע'ן (זכרים אונ נקבות), ארבייטער אונ קריעגס-לייט (סאלדאטען); אויסער דעם אקאָניג מיט אקאָניגין. יעדער האט זיין בעשטיממטע ארבייט. דיא ארבייטער בויען דעם נעסט, אונ טהוען אלע היימישע ארבייט, דיא סאלדאטען האלטען מלחמה, ווען עס פאלט אן אויף דעם נעכט אפיינד, דיא קאָניגין לעגט אייעליך. זיא לעגט זייא איינע נאך דיא אנדערע טויזענטער וויז. דיא אייעליך נעהמען דיא ארבייטער גלייך צוא אונ טראגען אוועק אין בעזונדערע צימטערען, דארט גיעבען זייא אכטונג אויף דיא אייעליך ביז עס געהען פון זייא ארויס לעבעדיגע טערמיטען. פון איינינע געהען ארויס זכרים אונ נקבות, פון אנדערע סאלדאטען אונ ארבייטער.

---

## וועגען דיא ווייסע מוראשקעס אונ זייערע פאלאטצען.

דיא טערמיטען בויען אויס זעהר קונטציגע נעסטען. איהר וועט געפינען בייא זייא אין נעסט פערשיידענע צימטערען מיט פיעל קארידארען אונ וועגען פונאיין צימטער אין אנדערען. דארטען זייען דא שפייזארנעס, האנד קאמטערן, קינדער צימער, טרעפ, קעלערן, קאַנאַלען, בריקען, קאזארמעס,

וואכט

וואַבּט-הייזער, אונ גאַסען אונטע־ דר'ערד. פֿון יעדעם נעסט געהען אין אַלע זייטען לאַנגע וועגען אונטער דער ערד. דורך דיעזע וועגען געהען דיא טערמיטען זיך זוכֿען רויב. אנדערע וועגען זיינען ברייט 6 ווערשאָק אונ זיינען גוט איינגעטראָטען, עס זאָל זיין דיא ארבייטער גרינג צוגעהן. אויסער דיא וועגען איז דאַ אין יעדעם נעסט אונטער דער ערד רוהרעס אבצוציהען דיא וואַסער. דיא טערמיטען מאַכֿען דיעזע רוהרעס צוליעב דעם, ווייל אין דיא הייסע לאֶנדער וואו זייא לעבען געהען אָפֿט שלאַגם רעגענס, וואָס וואָלטען פֿערפֿלייצען זייערע נעסטען, ווען עס וואָלט אין זייא קיין רוהרעס ניט געווען.

אין מיטען נעסט מאַכֿען דיא ווייסע מוראשקעס אימער אגרויסען אונ גראַמען קאָניגליכֿען צימער. דאַ וואָהנען זייער קאָניג מיט דער קאָניגין. זייא געהען קיין מאָל פֿון דאַנען ניט ארויס, ווייל זייא קאָנען ניט דורך קריכֿען דורך דיא טהיר פֿון זייער צימער. דיא קאָניגין האָלט צוויא צאָל דיא לאַנג אונ דרייא פֿיערטעל צאָל דיא ברייט. זיא זיטצט בייא זיך אין צימער וויא ארעסטירט, אונ מעהר וויא דיא ארבייטער-טערמיטען געהען אַהין ניט אריין אונ ארויס.

ארום דעם קאָניגליכֿען צימער מאַכען דיא טערמיטען פֿיעל קליינע צימערליך. דאָס זיינען דאָס זעלבע וואָס קינדער צימער אין רייכֿע הייזער. דאָרט האַלטען זייא זייערע אייעליך אונ רויפּען פֿון וועלכֿע עס ווערען נאָכֿהער מוראשקעס. הינטער דיא קינדער צימער געהען קאָמערליך פֿיר דיא דיענער וואָס בעדיענען דיא קעניגין. וויטער געפֿינען זיך בעזונדערע וואַבּט-צימער, וואו עס וואָהנען דיא סאָלדאַטען, וואָס שטעהן אונ קאַראולען, אז קיין פֿיינד זאָל אַהין ניט אריינגעהן. צווישען דיא צימערן איז דאַ פֿיעל מאַגאַזינען, שפּאַכֿליערס, וואו דיא טערמיטען האַלטען זייערע זאַפּאַסען שפּייז פֿון אַלערליי מינים, סמאָלע, קאָרנער, פֿרוכֿטען, שטיקליך האָלץ. אין מיטען נעסט איז נאָך דאַ בייא דיא טערמיטען אגרויסער צימער וואו זייא קלייבען זיך צוזאַמען זיך בעראַטהען וועגען זייערע אַנגעלעגענהייטען. פֿון דיעזעם צימער געהען אַסך קארידאָרען ארויף אונ אראָפּ אונ אין אַלע זייטען. איןביידע זייטען פֿון דיא קארידאָרען ציהען זיך שטיבעליך פֿאַר דיא ארבייטער, קאַזאַרמעס פֿאַר דיא סאָלדאַטען אונ אַסך מאַגאַזינען אונ סקלאַדען. אויסער דעם געהען אומעטאום אין נעסט בעזונדערע רוהרעס, אים פֿאַלל אַז עס מאַכֿט זיך ארעגען זאָל דיא וואַסער האַבען פֿון וואַנען ארויסרינען. אַט אַזויא איז איינגעאָרדענט דער נעסט פֿון אויבען ביז אראָפּ. פֿון דערויסען איז ער בעשמיערט מיט לעהם.

דיא טערמיטען לעבען אין דער פֿינסטערניס. זייא זיינען בלינד. אנשטאַט דיא אויגען, אנשטאַט דעם געפֿיהל פֿון זעהען, בענוטצען זייא זיך

מיטין

מיט'ן שמעקען. אבער בלינדער הייט מאַכען זייא אויך וואונדערליכע זאַכען.

מענשען וועלכע עס האבען דאס געזעהן מיט דיא אויגען, דערצאֶהלען וואס פיר וואונדערדיכע געביידען זייא בויען אויס. דיא טערמיטען געהען ארויס פון נעסט דורך דיא קארידארען אונטער דער ערד, קיין ארויסגאנג אויף דער ליכטיגער וועלט האט דער נעסט געוואהנליך ניט. אין אנריטר גראבען זייא אויס אנייע וועג. זייא ארבייטען אונטער דר'ערד זעהר גיך. ווען זייא טרעפען אן אונטער דר'ערד אשטיין, געהען זייא ארויס פון אונטער דער ערד אויף דר'אויסען און בויען אצוגעדעקטען גאַניג אויף דער ערד. דיעזע גאניגעס בויען דיא טערמיטען זעהער קונסטליך. אלס מאטעריאל ברויכען זייא לעהם, ערד, קליינע שטיקקליך האלץ און גראז. דאס זעלבע מאטעריאל, פון וועלכען זייא בויען נעסטען. אז עס קוממט אויס, קאננען דיא טערמיטען אויס ארבייטען אויף דעמזעלבען אַרט ארוהרע אַ לאנגע און מאכען פון איהר אהענג-בריק. מען דערצעהלט, למשל, אזא מין צופאלל:

בייא איינעם אין שטוב איז געהאנגען אויף'ן באלטען אזאק מיט עסען-ווארג. דיא טערמיטען האבען דאס דערשטעקט און האבען נעפרופט ווייא עס איז צוקוממען צום זאק. פריהער פאר אלץ האבען זייא דורך געגריזעט אלאך אין באלטען וואו עס איז געהאנגען דער זאק. פון דער לאך האבען זייא גענומען פיהרען ארוהרע גלייך צום זאק. עס האט פיעל ניט גערויערט און עס איז פארטיג געווארען ארוהרע. דיא טערמיטען האבען זיך באלד אבער ארום געזעהן, אז זייא האבען איהר ניט גוט געמאכט. דיא רוהרע איז געוועזען צוא פיעל אייסגעבייגען און עס איז שווערליך געוועזען צוא קלעטערן דורך איהר מיט משא. דיא טערמיטען האבען דעראיבער געמאכט איין אנדער רוהרע און אין דיא נייע רוהרע האבען זייא דורכגעפיהרט אוועג וואס האט זיך געדרעהט וויא אשרויף, אזויא וויא דיא וועגען, וואס מען מאכט אויף בערג און וואס אויף זייא איז לייכטער ארויפצוגעהן.

דיא טערמיטען פיהרען דורך וועגען אין האלץ אויך: זייא גריזען אויס דעם האלץ אינעווענינג און פון דערוויסען ריהרען זייא איהם ניט אן, זייא גריזען דורך און דורך אהילצערנע דיעלע גלייך נעגען דיא פיסליך פון טיש. זייא קליגען זיך פון אונטערן פאדלאגע אן צוא טרעפען פונקט אויף דעם אָרט וואו עס שטעהען דיא פיסליך פון טיש. זייא גריזען אויס דעם מיטען פון דיא פיסליך פון אונטען ביז ארוף. פון דערויסען ווייזט אַמאָל אויס דער טיש גאר אגאנצער, אָבוואָהל אינעווענינג איז ער אויסגעגעסען אין גאנצען. אויב עס ליעגען אויף'ן טיש פרוכט, גרידען דיא טערמיטען אויס אין טיש לאָכלאך פונקט אונטער דיא פרוכטען און נעהמען זיך צוא דיא פרוכט.

בייא אונז אין אייראפע זיינען פריהער קיין טערמיטען ניט געווען. אבער מען האט זייא מיט אַ צופאַלל פערפיהרט צוא אונז אויף אַ שיף פון דיא

היסע

הייסע לענדער. נאכהער האבען זייא זיך שוין פערמעהרט. אין פראנקרייך האט זיך זאָגאַר אמאל געטראפען, דאס טערמיטען האבען אויפגעגעסען אגאנצען אַרחיו פון פאפיערען אונ ביכער. זייא האבען געמאכט צונישט פון אלע פאפיערען, אונ אויף אזא אַרט, אז פון דערוויסען איז נים געוועזען צוא בעמערקען דאס דער מיטטען פון זייא איז אויסגעגעסען. פון דיא ביכער איז נור געבליעבען דער בונד אונ דיא ברעגען פון דיא בלעטער אונ פון דיא פעקליך פאפיער נור דיא אויבערשטע בויגענס.

אט אזויא ארבייטען דיא טערמיטען פון וועלכע מענשען קאננען גאר ניט לעבען אין דיא הייסע לענדער.

---

## נעסטען, וואס מען מאכט פון זייא א געריכט.

איוף דיא גרויסע אינזלען יאַווּאַ אונ באָרנעאָ, בייא דיא זיד-ברעגען פון אַזיע, לעבט אבעזונדערער אַרט שוואלבען (סאַלאַנגאַנאַ). זייא לעבען אין זעהר גרויסע סטאיעס. זייערע נעסטען בויען זייא אין האָהלען אדער איוף דיא שטיין-פעלזען וואס הענגען, וויא הויכע וואָנד, ביים ברעג ים. זייא בויען זייערע נעסטען איינע לעבען דיא אנדערע, אונ בעדעקען מיט זייא דעם גאנצען פעלז. צוא קוממען צוא זייערע נעסטען איז שווער, זאָגאַר געפאָהרליך. פון דעסט וועגען געפינען זיך מענשען, וואס ריזעקירען מיט דעם לעבען אונ קוממען צוא זייא פארט צוא. זייא לאזען זיך אראפ איוף שטריק פון שפיטץ פעלזען צוא דיא נעסטען אונ זייא קלייבען זייא צונויף אין זאָק. דרייא מאל אין יאהר קלייבען זייא אזויא צונויף דיא נעסטען. דער מיט פערנעהמען זיך עטליכע טויזענט מענשען. דאס איז בייא זייא אגאנצער געשעפט. זייא פערקויפען דיא נעסטען דיא איינוואהנער פון חינע (קיטיי), וואס צאהלען פיר זייא גוטע געלד. דיא חינעזער קאכען פון דיעזע נעסטען זופע. דאס איז בייא זייא אטהייערער געריכט, א זעלטענע נאשערייא.

דיא סאַלאַנגאַנעס פאַרטעווען זייערע נעסטען פון אייגענעם שפייאכטס, ריכטיגער, פון שליים (ליחות), וואס געהט בייא זייא פון מויל. דער שפייאכטס ווערד אויף דער לופט פערטריקענט אונ הארט. דיא סאַלאַנגאַנעס נעסט ווייזט אויס, וויא ער וואלט געוועזען פון קליי. אז מען האלט איהם געגען שיין, לייכט ער זיך דורך אונ זעהט אויס וויא צונויף געקלעהט פון פיל דיענע פאַרימליך. דיא איינוואהנער פון יאווא דערצאָהלען דאס אַפּאָר פייגעליך הארעווען אויף אזא נעסט צווייא חדשים. וויא עס שיינט, איז דאס ניט קיין לייכטע ארבייט.

# די געביידען פון ביענען .

אלע ווייסען אז די ביענען מאַכֿען זייערע האניג-ראֶדעלאך פֿון וואַקס, און וואַקס בעקוממען זייא פֿון זייער קאֶרפּער. צוא דיעזעם צוועק עססען זייא זיך אן מיט האניג אדער מיט זאַפֿט פֿון בלומען און בלייבען הענגען אונבעוועגליך אין בינשטאק, זיך אנצעפּענענדיג מיט דיא לאַפּקעס איינע אן דיא אנדערע. דאמאלס געהט בייא דיא בינען פֿון אונטערן הויט אויף דעם בייכֿעל ביסלאכווייס ארויס וואַקס. אנדערע ביענען קלייבען צונויף דעם וואַקס, מאַכֿען פֿון איהם קייקעליך און בעהאַלטען אויף שפּעטער, אדער זייא בויען פֿון דעם האַנניג רעדעלאך.

דיעזע האניג-ראֶדעלאך בויען דיא ביענען צוזאַמען. עטליכֿע ביענען נעהמען זיך מיט אמאל צוא דער ארבייט. אללע ארבייטען פֿלייסיג, קיינער ניט גיכֿער און ניט לאַנגזאַממער וויא דער צווייטער. יעדער ביען זעהט צוא מאַכֿען פֿונ'ם וואַקס אקוגעלע ניט גראֶססער ניט קלענער וויא דעם אנדערענס. זייא קלייבען שוין אויס פֿון אנפֿאנג ארבייט אן אזא אָרט דיא קוגעלאך זאללען ארויסקומען פון איין גרויס. אזויא וויא אין ביענענשטאַק איז דא ווייניג פלאַטץ, מאַבען דיא ביענען זייערע קוגעלאך האַרט איינער לעבען דעם אנדערן. קיין וואַכס האבען זייא אויך ניט אזויא פֿיעל, זייא זאלען ניט דאַרפֿען קאַרגען. דעראיבער זעהען זייא אז זייערע קוגעלאך זאללען צונעהמען ווענינגער פלאַטץ און וואס ווענינגער וואַכס. זייא לייגען אויס דיא קוגעלאך אין עטליכֿע צייַלען איינער אונטער דעם אנדערען. דיא שפּאַלטען צווישען דיא קיגעלאך (ווארום איין קוגעלע צום אנדערען קאַנן האַרט ניט צוקוממען) פֿעעשמירען זייא מיט וואַכס. דער נאך גרייזען זייא אויס פֿון אינעווועניג דיא וואַכס פֿון יעדעם ראֶדעלע און מאַבֿען פֿיר זיך נעסטען.

דיא ביענען ארבייטען זעהער פֿלייסיג, און וויא עס שיינט, ארבייטען זייא מיט ישוב ודעת, מיט אַ בערעכֿענונג, און ניט פּראָסט וויא עס געהט.

איינער דערצעהלט, אז ער האט געזעהן, וויא איין ביען האט געארבייט ניט וויא עס דארף צוא זיין. ער האט געלעגט דיא וואַכס ניט וויא עס איז אויסגעקוממען נאך דעם פלאן, וויא דיא איבעריגע ביינען האבען אנגעפֿאנגען דיא ארבייט. צוא ליעב דעם זיינען דיא האניג-ראֶדעלאך אוועק אן אזייט אין דער קרים. איין אנדער ביען האט דאס בעמערקט, איז צוגעלאַפֿען צוא דעם שלעכֿטען ארבייטער, האט גלייך צובראַכֿען זיין ארבייט און האט זיך אליין אוועקגעשטעללט ארבייטען אויף זיין אָרט. פֿריהער פֿון אלץ האט ער אנידער געלעגט, וויא עס דארף צוא זיין דעם פֿונדאמענט און

אז

אז ער האט זיך איבערצייגט, אז דער אַנפַאַנג איז וויא געהאֶריג נאך דעם אלגעמיינען פלאן, איז ער אוועק פֿון דארטען אונ האט ווידער איבערגעגעבען דיא ארבייט דעם פֿריערדיגען ביען.

איינער אנגעלעהרענטער מענש האט געוואלט פּרובען דיא ביענען אונ זעהן וויא וויט זייא זיינען קלוג. ער האט אריינגעזעצט ביענען אין אַ ביענשטאק, אין וועלכעם דער דאך פֿון אויבען אונ דיא פאָדלאָגע זיינען געווען פֿון גלאז. דיא ביענען זיינען שטענדיג געוואָהנט צוא ציעהען זייערע האניג-ראֶדלאך פֿון אויבען אראפּ אדער פֿון אונטען ארויף. דא אבער האבען זייא דאס ניט געקאנט, וויל וואכס נעהמט זיך אן גלאז ניט אן. אבער דיא ביענען זיינען בייא זיך ניט אראב געפֿאלען אונ האבען אנגעפֿאנגען זייער ארבייט פֿון אזייט, פֿון איין זייט צוא דער אנדערען אונ זייא וואלטען אויך געוויס אזויא איהר געענדיגט, ווען דער געלעהרענטער מענש וואלט זייא ניט געשטערט.

ער האט, נאָמליך, ווידער גענומען גלאז אונ האט אנידער געשטעלט בייא דער וואנט פֿון דעם ביענשטאק, וואוהין דיא ביענען האבען געצויגען זייערע ראֶדלאך. וואס זע האבען דיא ביעננען געטאהן? זייא האבען ניט אוועקגעווארפֿען דיא ארבייט, זייא האבען פֿערקעהרעוועט דאס געבייא אן אזייט צוא דער וואנד וואס דערבייא, וואס איז ניט געוועזען בעדעקט מיט גלאז. עס פֿערשטעהט זיך דאס זייא האבען דענסמאל געמוזט ארבייטען אויף איין אנדער אַרט, גאר ניט וויא זייא זיינען געוואהנט, אונ זייער גאנצע געביידע איז אויך אויסגעקוממען אנדערש ניט וויא געוואהנליך.

דיא האניג-ראֶדעלאך זיינען נעטהיג פיר דיא ביענען אויף צווייא זאכען. ערשטענס בעהאלטען זייא אין דיא ראֶדעלאך האניג, וואס זייא גרייטען אן אויף ווינטער, זייא זאלען אליין האבען וואס צוא עססען אונ מיט וואס צוא נאָהרען זייערע קינדער.

צווייטענס, לייגט אין דיא ראֶדעלאך דיא מוטטער פֿון דעם ביענשטאק איהרע אייעליך, פֿון וועלכע עס געהען דערנאך ארויס ביענען. עס איז בעוואוסט, דאס אין אביענשטאק לעבען עטליכע סארטען ביענען, אזויא וויא אין אמוראשניק לעבען עטליכע סארטען מוראשקעס. אין יעדער ביענשטאק איז דא אַ קאֶניגין אדער אַ מוטטער, ארבייטער אונ לעדיג-געהער וואס טהוען גאר ניט. אללע ביענען וויא דיא מוטער, אזויא דיא ארבייטער אונ דיא לעדיג-געהער געהען ארויס פֿון דיא אייעליך, וואס עס לעגט איין אנדער מוטטער. איינינע אייעלאך לייגט דיא מוטטער אין גרויססע קעסטעליך; פֿון דיעזע אייעליך קאנען ארויסגעהן נייע מוטטערס. אנדערע לייגט זיא אין מיטטעלע קעסטעליך. פֿון זייא געהען ארויס לעדיג-געהער. פֿון דיא אייעליך וואס זיא לייגט אין דיא קלײנסטע קעסטעליך קריבען ארויס ארבייטס ביענען.

דיא

דיא ארבייטס ביענען טהוען אללעס, זייא מאַכען דעם בינשטאָק, זאַמלען צונויף זיסען זאַפט אדער האָניג און זייא גיעבען אַכטונג אויף דיא רויפען. ניט אלע ביענען בויען זייערע נעסטען פון וואַקס, עס איז דא אַזוינע סאָרטען ביענען, וואָס מען רופט „מולער" און „צעסלער" און וואָס מאַכען ניט קיין קעסטליך פון וואַקס. דיא מולער וואָהנען אין נאָרד-אַפריקא. זייא בויען זיך ניט קיין קעסטליך און לעגען זייערע אייעליך אין „זאַבע-שיסעלאַך". דיא ביען זוכט אויס וואו עס איז אַ זאַבע-שיסעלע, אַת מאַכט איהר ריין, טראָגט אַן אַהין שפּייז, לייגט אייעליך און פערקלעבט מיט צעמענט וואָס ווערד האַרט וויא שטיין. דיעזען צעמענט קאָן קיינער הוץ דער ביען ניט מאַכען. — דיא „צעסלער" מאַכען אויך ניט קיין וואַקסענע נעסטען, זייא באָהערען אויס טיעפע לעכער אין הילצערנע סלופּעס, צאַמען איבער דיא לאַכער אויף עטליכע צימעמערלאַך. אין יעדער צימערעל לעגען זייא צוא איין אייעלע און טראַגען אַן שפּייז, דיא רויפען (דיא קליינע וואָרימליך וואָס קריעכען ארויס פון דיא אייעלעך) זאָלען האָבען וואָס צוא עססען. דיא צווישען וואַנטליך מאַכען זייא פון פּילאַווינעס, וואָס זייא קלעפּען מיט עפּעס צונויף.

ארום אללע צימעמערלאַך לעכערען זייא אויס אַזויא וויא אבעזונדערן לאַנגען קאָררידאָר, אין דיעזען קאָררידאָר קריעכען ארום אויף דער וועלט דיא יונגע ביענען, וואָס זיינען ערשט ארויס פון דיא אייעלעך.

עס איז דא אַזוינע ביענען, וואָס מאַכען זייערע נעסטען אין דער ערד. איין סאָרט ביענען גראָבען אויס אין דער ערד גריבעליך העכער אַ ווערשאָק דיא טיעף. יעדע גריבעלע בעטען זייא אויס פון אללע זייטען מיט דיא בלומען-בלעטעלעך פון מאָן. זייא לייגען אַן דיעזע בלאַטלאַך דיק עטליכע סלאַיען איינע אויף דיא אנדערע. וויא זייא האבען שוין געלעגט אייעליך, פערשטאָפּען זייא דיא גריבעלאַך. אַפריהער פערלעגען זייא דעם אריינגאַנג פון דער גריביל מיט אַ בינדעל מאָן בלעטליך, אז דיא אייעלעך קומען אויס, וויא זייא ליעגען אין אזעקעלע פון מאָן בלומען. דער נאָך פערשיטטען זייא דאס אין גאַנצען מיט ערד, אז פון דערויסען איז שווער צוא בעמערקען, וואו עס געפינט זיך דא דער ביענען-נעסט.

---

## אפייגעל אוועבער.

אין זיד-אַזיען און אין אַפריקא געפינט זיך אַ וואונדערליכער סאָרט פייגעליך, וואָס קאָנען וועבען. קיין פייגעל מאַכט ניט אזויא קונציג דעם נעסט וויא זייא. זייערע נעסטען ריכטען זייא איין אַזויא וויא פון פילץ,

את

און פילץ מאכֿען זייא אליין. פֿאר זייער קאנען ועבען דיא נעסטען, האט מען זייא אנאטען גענעבען דיא וועבערם. זייערע נעסטען פֿלעכֿטען זייא פֿון דיענע גראז-בלעטעליך. זייא פלאָנטען זייא צונויף, פֿערפֿלעכֿטען און קלאפען אזויא פֿערנאנדער אז עס ווערד פֿון זייא א וואהרע צייג, זעהר אגעדיכֿטע און אַ דיקע. דיא פֿאָרמע פֿון זייערע נעסטען איז פֿערשיעדען בייא פֿערשיעדע פֿייגלען. אייניגע „וועבער“ ליעבען רונדע נעסטען וויא קוילען, אנדערע „וועבער“ מאכֿען נעסטען, וואס ווייזען אוים וויא פֿלאַשער וואם היינגען אויף בוימער מיט דיא העלזליך אראפ. בייא אַ דריטען כארט „וועבערם“ זיינען דיא נעסטען אזויא וויא קאָרב. געוואָהנליך לעבען דיא וועבער סטאיעס-ווייס און פֿלעכֿטען זייערע נעסטען איבער דעם וואססער, קיין אבעזיאנע און קיין שלאנג זאל ניט קאנען צוא קוממען צוא זייא. איבעריגענס, זיינען זייא ניט קיין שרעקענדיגע, אז עס מאכֿט זיך, למשל אז איך פֿאַלקע (סאָקאָל) קוממט דאך צוא זייא, קלייבען זיך צונויף זייערע אַ גאנצע סטאיע און פֿאלען אן אויפֿ'ן פֿיינד. זיך ארוים דרעהען פֿון זייא איז ניט אזויא גרינג, אפֿילו פֿיר דעם פֿאַלקע.

---

## אפייגעל אשניידערין.

אויסער דיא וועבער, זייען דא נאך פֿיעל אנדערע פֿייגלען, וואס פֿלעכֿטען און וועבען זייערע נעסטען, האטש ניט אזויא קונציג, וויא דיא וועבער, עס איז נאך דא אזוינע פֿייגלען, וואס קאנען אפֿילו נאָהען אויך. אין אינדיען צום ביישפיעל, לעבט אקליין פֿרייליכֿע פֿייגעלע, וואס מען רופֿט דיא שניידערין, ווייל זיא נעהט צונויף איהר נעסט פֿון בלאָטער. זיא מאכֿט דאס אויף אזא אַרט. גאר צום ערשטען זוכֿט זיא אוים אויף איין עק צווייג, וואס נאָהנטער צוא דער ערד, אַ גרויסען בלאַטט. פֿון דיעזעם בלאַט נאָהט זיא זיך אויף אַ נעסט. פֿריהער שטעכֿט זיא אוים מיט'ם שארפֿען שנאבעל, וויא מיט איין אָהל, אויף דיא ברעגען פֿון דעם בלאַטט לאָכֿעלאך. נאכֿהער פֿליהעט זיא אוועק אוים זוכֿען אַ פֿאדעם מיט וואס צוא נאָהען. אזא פֿאדעם איז ניט שווער צוא געפֿינען, ווארום דיא אָדערען (פֿאַזער, וואָלאָקנאן) פֿון פֿיעל געוואָכסע זיינען גענוג שטארק און מאן קאנן זייא געברויכֿען אנשטאט פֿאדעם. דיא פֿייגעלע האפט דעם פֿאָדימיל מיט'ם שנאבעל און רוקט איהם דורך דיא לאָכֿעלאך, פֿריהער אין איין לאָכֿעלע, נאכֿהער אין דיא אנדערע, ציהעט צונויף דעם פֿאדעם, מאכֿט שטייף, דערנאך ציעהט זיא צונויף ביידע עקען בלאָטטעל און עס ווערט בייא איהר אזויא פֿארטיג איין נעסט, דערנאך נעהט זיא אזויא צונויף אנדערע צווייא לאָכֿלאך, און ארבייט אזויא

זוייטער

היטער אונ וויטער, וויא אַוואַהרע שניידערקע. ענדליך, דרעהט זיא דיעם בלאט צונויף וויא ארוהרעצקע. אויב איין בלאַט איז וועניג, ברייננט זיא נאך אַ בלאטט אונ נאָהט איהם צוזאַמען מיט דעם ערשטען. דעם נעסט בעט זיא אויס אינעווענינ מיט ווייכע פֿעדערען אינ לייגט דארט אב איהרע אייעליך.

דיא „שניידערין" וויים איבערהויפט, וויא זיך צוא בעגעהן מיט פֿאדעם. איינעם האט זיך אמאל פֿערוואלט חאפען אזא פֿייגעלע לעבעדיגער הייט. ער האט פֿערקניפעלט אפֿאדעם אין שלייפֿען אונ האט דאס פֿערשפרייט לעבען נעסט, כדי דיא פֿייגעלע זאל זיך פֿערפלאנטען. זיא האט זיך אבער ניט געלאזט נאַרען. וויא זיא האט דערזעהן דעם שליף, האט זיא איהם אַחאַפּ נעגעבען מיט'ם שנאבעל, האט אשאָקעל געטהאן אפאר מאל מיט'ם קאָפּעל, האט געטהאן אציעה אונ דער שליף האט זיך פֿערנאנדער גענומען. נאכהער האט זיא זיך לוהיג צוריק געזעצט אין נעסט.

## וויא מייז פלעכטען נעסטען.

דאס וויים יעדערער, אז פֿייגלען פֿלעכטען נעסטען, נור עס איז אבער אייך דא אויף דער וועלט מייז, וואס פֿלעכטען נעסטען ניט ערגער פֿון פֿייגלען. אין ענגלאנד לעבט אויף דיא געטריידע פֿעלדער אמייזעל וואס מען רופֿט קארליק דאס איז זעהר אשיינע אונ אגאנץ קליינע היהלע, זיא איז צוויי מאל קלענער וויא אַ געוואָהנליכע מויז אונ וועגט זעכס מאל וועניגער. דיא פֿארב פֿון איהרע האָר איז ניט גרוי, נור ברוין, אויסער דאס הערציל וואס איז וויים. דיעזע היה'לע פֿלעכט זיך אַ נעסט פונקט וויא אַ פֿייגעל. דיעזער נעסט וויזט אויס וויא אַ רונדע קויל אונ איז געמאַכט פֿון גראז. ער הייגגט וואו עס איז אין פֿעלד. אין דיא גרינע גראז איז איהם ניט לייכט צוגעפֿינען. אין דעם נעסט האלטען זיך אויף יונגע מייזעליך. קיין פֿענסטער איז אין דעם נעסט ניט דא, אבער עס זעהט זיך אלסדינג דורכ'ן וואָנטיל, וויל דיא מויז פֿלעכט ניט דעם נעכט זעהר געדיכט.

## וויא פיש פלעכטען נעסטען.

דער קליינער פֿישעלע, וואס רופֿט זיך דער שטעכלינג, פֿלעכט זיך אויך אנעסט אונטער דעם וואססער. ער ארבייט נאר מיט'ם מויל. דאס איז זיין איינציגער אינסטרומענט, אונ דעננאך פֿלעכט ער אויס אַ פראַכטפֿאללען

נעסט

נעסט. איינער דערצעהלט, אז ער האט אמאל אריינגעלאזען אין אסלאַיי מיט וואססער איין „ער" שטעכלינג אונ אין דריי טאָג ארום האט ער אהין אריינגעלאזען „זיען". אום עס זאל זייא זיין אנגענעהם צוא לעבען אין סלאַיי האט ער אהין אריינגעלעגט גראז וואס וואכסט אין ים, אויך זאמד אונ בלאטע פון ים. זייא האבען זיך געלעבט אין סלאַיי אזויא גוט וויא אין ים, אונ דער מיגנש האט באלד בעמערקט, וויא דער „ער" האט גענומען בויען אַ נעסט. אלס מאטעריאל האט ער פערברויכט דיא ים-גראז אונ דיא זאמד. דיא ארבייט איז ניט געוועזען לייכט. ער האט געארבייט מיט'ם מויל, לאנג געארבייט, מעהר וויא אַ מעת-לעת. ענדליך איז אבער פארטיג געווארען דער נעסט. ער האט אויסגעוויזען וויא אַ ביסעל צונויפגעפרעסטע ים-גראז. אין רעכטען מיטען איז געוועזען אַ צימממעריל מיט אַ ברייטען אריינגאנג. וויא דער נעסט איז פארטיג געווארען, איז אהין אריינגעקראכען אַ „זיע" אונ האט געלעגט רויגען (איקרע). נאכהער איז זיא צוריק ארויס נור ניט דורך דעם אַריינגאנג, זיא האט דורך געבראכען מיט'ן קאפ אלאך אין וואנטיל פון דעם נעסט אונ איז ארויס. נאכהער איז אריינגעשוואומען אין נעסט נאך איינע אונ האט אויך דארט געלעגט רויגען, דאס זעלבע האט אויך געטהאן דיא דריטע, אונ נאכדעם האט זיך דער „ער" געשטעלט נעבען דעם נעסט היטען עס זאל זיך מיט דיא רויגען קיין אונגליק ניט טרעפען. ער האט בייא טאג אונ נאכט ניט אפגעטראטען פון נעסט, האט געמאכט מיט דיא פלוס-פעדערען אונ געקלאפט מיט'ן עק כדי דיא וואססער זאל בייא דיא רויגען ניט שטעהן אצייט אויף איין אָרט. מען האט אויך בעמערקט, אז יעדען טאג פלעגט דער „ער" מאכען שטארקער דעם נעסט, אזויא וויא ער וואללט מורא געהאט טאמער פאלט איין דער נעסט און עס וועט גארנישט ווערען פון דיא רויגען אזוי האט ער געהיט דעם נעסט אונ ניט אפגעטראטען פון איהם ביז עס זיינען ארויס פון איהם קליינע פישעליך.

עס איז דא אזעלכע פיעל פישען, וואס מאכען זיך נעסטען. איין כינעזישע פישעלע מאכט זיך אַ וואונדערליכען נעסט, וואס פערנעהמט ביז 4 ווערשאק אין דער ברייט. דעם נעסט בויעט, אזויא וויא בייא דיא שטעכלינגע, ער דער „ער". מאכט זיין נעסט פון שאַם, אונ דיא שאַם מאכט ער פון שפייכעל (פין שליים) וואס ריננט בייא איהם פון מויל, ער שווימט ארוף פון אויבען נעהמט אן אין זיך לופט אונ לאזט איהם דער נאך ארויס מיט בלאָזליך אבער ניט פון זייף-וואסער, נאר פון שליים. עס געהען בייא איהם ארויס גומע בלאָזליך, זייא פלאטצען ניט, וויל ער האט גענוג שליים אין מויל. אויב עס פעלט איהם אוים דיעזער שליים ווייס ער וואס מען דארף צוא דעם טהאן. ער לאזט זיך אראפ צום גרונד אונ עסט זיך דארט אן מיט אזעלכע ים-גראז וואס ער

דערקאנט

דערקענענט שין. פֿון דיעזע ים-גראז געהט בייא איהם פֿון מויל מעהר שליים.

דער נעסט פֿון דיעזע כינעזישע פֿישעלע שווימט פֿון אויבען אויפ'ם וואססער. דיא „זיע" לעגט אבער רויגען אונטען אויפֿין גרונד. אלזאָ מוזען דיא פֿיש איבער טראגען דיא רויגען אין נעסט אריין דאס איז שוין דעם „ער'ס" ארבייט. וויא מאכט ער דאס? — אריבער טראגען איז ער ניט אים שטאנד, ער האט אבער צוא דעם איין אנדער עצה. ער נעהמט אן אין מויל אַ סך לופֿט, לאזט זיך אראב צום גרונד, פֿערגראבט זיך אין דיא זאמד פונקט אונטער דעם אָרט, וואו עס ליעגט דיא רויגען אונ דארט לאזט ער פֿון זיך צוריק ארויס דיא לופֿט, וואס ער האט אנגענומען. דיא לופֿט געהט פֿון איהם ארויס אין גאנץ קליינע בלאָזליך. דיעזע לופֿט בלאָזליך העבען איף מיט זיך דיא רויגען פֿון אויבען אויפ'ן וואססער. אויף דעם אָרט קומט אריין דיא רויגען אין נעסט, וואס שווימט דארט דער בייא.

---

## פייגילשע שטעדט.

עס איז דא פֿערשיידענע טהיערע, וואס בויען זיך ניט נור איינציגע הייזער, נעסטען אונ נאָרעס, אבער אפֿילו גאנצע שטאָדט אויך. אזעלכע שטאָדט זייען דא בייא פֿיעלערליי טהיערען. איין רייזענדער דערצאָהלט וועגען אַ שטאדט, וואס ער האט געטראפֿען בייא פֿייגלאך.

אויף דעם ברעג פֿון דעם אייז-מעער (ים-הקרח) לעבען פֿיעל פֿייגלאך, וואס מען רופֿט זייא דיא „ניט פֿליהער". מען רופֿט זייא אזויא ווייל זייא קאנען ניט פֿליהען. זייא האבען קליינע פֿליגלען אונ אגרויסען קאָרפּער, שווער וויא אַ בליי; זייערע פֿיס זיינען אזויא קורץ, אז קוים, וואס דיא פֿייגעל קאנען געהן אויף דר'ערד. בשעת זיא געהט, איז אַגעלאָכטער צוא זעהען. זיא שטעללט אַ טריט אונ גיעט זיך אַ דרעה מיט'ם גאנצען קאָרפּער אין איין זייט, נאך אַ טריט אונ גיעט זיך אַ דרעה אין דעם אנדערען זייט. אזוי געהט זיא טריט בייא טריט דרעהענדיג מיט'ם קאָרפּער אַ הער אונ אַ הין. אבער אזויא געהען דיא „ניט-פֿליהער" מעהר ניט וויא בשעת זייא האבען זיך ניט וואהין צוא איילען. ווען זייא דארפֿען אבער ענטלויפֿען פֿון אַ פֿיינד, טהוען זייא אנדערש. זייא לייגען זיך אנידער מיט'ן הארצען אויף'ן זאמד אונ נעהמען זיך גליטשען וויא אין אשליטען. זייא ארבייטען מיט דיא לאפקעס אונ מיט דיא פֿליגלען אונ אויף דעם אופֿן קאן דער „ניט-פֿליהער" זעהר געשווינד ענטלויפֿען פֿון דעם פֿיינד אין מעער. איין מאל איז ער אויפֿ'ן וואססער, האט ער שוין ניט וואס צוא פֿירכטען. אויפֿ'ן וואססער איז שווער דעם „ניט-פֿליהער" צוא האפֿען. ער שווימט אזויא געשווינד, דאס דיא בעסטע שיף קאן איהם ניט

דעריאגען

דריאָנען. ער קאן זיך אויך זעהר גוט אונטערטיכ̄ען (מאכ̄ען אונטער) אין וואססער. אונטער'ם וואססער האפט ער פ̄יש.

דיא „ניט-פ̄ליהערס" לעבען אללע מאל סטאַיעס-ווייס. מען האט בעגעגענט סטאיעס „ניט-פ̄ליער" פ̄ון צעהנדליגע טויזענד פ̄ייגלען. אז מען פ̄אהרט אויפ̄'ם מעער, זעהט מען זייא פ̄ון ווייטען, וויא זייא זיטצען בייס ברעג ים אויף דיא פ̄עלזען מיט דעם ווייסען הארצען פ̄אראויס. זייא זיטצען אימער אין צייל'ען, וויא דיא סאלדאטען. דיא יונגע פ̄ייגלאך זיטצען אויף איין אָרט, דיא עלטערע אויף איין אנדערן ארט. דיא זיען וואס זיטצען אויף אייער אויף אדריטען אָרט. יעדער עלטער האט זיין בעשטימטען אָרט. דיעזע ארדנונג ווערד זעהר שטרענג געהאלטען. אויב איונגע פ̄ייגעל זעטצט זיך נעבען דיא עלטערע, טרייבט מען איהר אוועק; דאס זעלבע, פ̄ערקעהרט, אז איין אלטע זעטצט זיך צווישען דיא יונגע, טרייבען איהר דיא יונגע פ̄ון זיך אוועג.

דיא „ניט-פ̄ליהערס" בויען זיך וואהרע שטאָדט; זייערע שטאָדט ליעגען שטאֶנדיג לעבן מעער, אויף דעם זאָמדיגען ברעג, וואס איז בעוואקסען מיט גראז. דיא „ניט-פ̄ליהער" טרעטען זיך אויס אין גראז וועגעלאך, וואס געהען האַרד ביז דעם וואססער. דיעזע וועגעלאך זיינען אזעלכ̄ע גלאטע אונ ריינע, אזויא וויא עס וואלט זייא געמאכ̄ט אמענש, ניט אפ̄ייגעל. דיא וועגעלאך געהען אויף אגלייכ̄ען פלאטץ אין דער לאֶנג אונ אין דער ברייט, אונ זייא בעגעגענען איינע דיא אנדערע ריכ̄טיג, נאָכ'ן פלאן. דער גאנצער ברעג, וואו דיא „ניט-פ̄ליהער" וואהנען, איז איינגעטהיילט מיט דיא וועגעלאך אין פ̄יערקאנטיגע פלאֶטצלאך. אויף יעדעם פלאֶטצעל געפ̄ינט זיך צוא איין נעכט.

זייערע נעסטען גראבען דיא ניט-פ̄ליהער אין זאמד, אָפ̄ט אהאלב קלאפ̄טער דיא טיעף; אין אנפ̄אנג איז דער נעסט שמאל, אבער וואס טיעפ̄ער ווערט ער אלץ ברייטער אונ גראמער.

דארט, אין נעסט, זיצט דיע „זיע" אויף איהרע אייער, נעבען איהר זיטצט שטענדיג אין נעסט אויך דער „ער", ווען דיא „זיע" געהט ארויס פ̄ון נעסט, זעצט זיך דער „ער" אויף דיא אייער. אזויא זיטצען זייא אויס בשותפ̄ות זייערע פ̄ייגעליך. צווישען דיא נעסטען ציהען זיך אונטער דער ערד וועגען, כדי מען זאל קאננען ענטלויפ̄ען פ̄ון איין נעסט אין דעם אנדערען אים פ̄אלל, אז עס טרעפ̄ט זיך איין אונגליק.

זייערע אללע נעסטען צוזאממען ווייזען אויס וויא אַוואהרע שטאדט, דיא נעסטען זיינען הייזער, אונ דיא וועגעלאך — גאססען.

ארום דיא ניט-פליהער'ס שטאָדט ציהען זיך אויך וועגעלאך. אין שטאדט איז בייא זייא אימטער אַ וועלטיגע אָרדנונג.

---

# דיא געביידען פון דיא ביברעס.

נאך וואונדערליבער איז אן צוא קוקען דיא וואהנונגען פֿון דיא ביבערס. דיא ביבערס זיינען וואהרע בעלי מלאכות. קיין טהיער קאן ניט בויען אזויא גוט און מיט אזא פֿערשטאנד וויא דיא ביברעס.

פֿאר צייטען האבען דיא ביבערס געלעבט אין פֿיעל לענדער, יעטצט בעגעגענט מען זייא זעלטען, וויל מענשען טיידטען זייא אויס פֿון יאהר צוא יאהר. יעטצט זיינען זייא נאר דא אין סיביר און אין נאָרד-אמעריקע. אנדערס וואו טרעפֿט מען זייא אן גאנץ זעלטען.

דער ביבער איז ניט גאר קיין קליינעס טהיער, ער האלט אין דיא לענג עטוואס מעהר וויא איין ארשין. ער האט זעהר שארפֿע צעהן און אַ פלאטציגען ברייטען עק. דער ביבער שווימט זעהר גוט. צווישען דיא פֿינגער פֿון זיינע הינטערשטע פֿיס איז דא בייא איהם א הייטעל אזויא וויא בייא ענטען. דער עק דיענט איהם צום שווימען אין וואססער, אנשטאט אַרודער.

דיא ביבערס לעבען שטענדיג נעבען וואססער. זייערע וואהנונגען בויען זייא אויף דעם וואססער אדער נאהנט פֿון וואססער.

זייערע וואהנונגען מאכען זייא פֿון צווייגליך; זייא רייסען אן מיט דיא צעהן אסך צווייגליך, טראגען זייא צונויף אין איין ארט און בויען אויס פֿון זייא א רונדען באַלאַגאַן אָדער אַביידעל. דיא שפאלטען צווישען דיא צווייגליך פֿערשטאפען זייא מיט וואססער-גראז און בלאטע. פֿון דיעזעם מאטעריאַל קוממט בייא זייא ארויס איין אויסגעצייכענטער באַלאַגאַן. עס וואלט זאָגאר ריכטיגער געווען איהם אנצורופֿען הויז, עהדער באַלאַגאַן.

דיא ביברעס בויען זעהר גרויסע הייזער. מען האט בייא זייא בעגעגענט הייזער, וואס האבען געהאלטען צווייקלאפֿטער אין דער ברייט און מעהר וויא אקלאפֿטער דיא הויך. אויף אַ האַלבען קלאַפֿטער געהען זייערע הייזער ארויס פֿון וואססער. פון דערויסען זעהט מען ניט קיין אריינגאנג אין זייער וואהנונג, און אינעווייניג בעשטעהט זיא פֿון צווייא עטאַזשען. דער אונטערשטער עטאזש שטעהט אין וואססער און דער אויבערשטער אויף דעם וואססער.

אין דעם אונטערשטען האלטען זייא עסען וואר׳ג, וואס זייא גרייטען זיך אן אויף ווינטער. אויבען וואהנען זייא אונ זייערע קינדער. פֿון זייער וואהנונג ציהען דיא ביברען צווייא פֿערמאכֿטע קארידארען דורך וועלכֿע ארויסצוגעהן. דורך איינעם טראגען זייא אריין צוא זיך דיא שפייז, וואס זייא שאפֿען זיך. דורך דעם אנדערען געהען זייא אריין אונ ארויס; דעם ערשטען קארידאר מאכֿען זייא שטענדיג משופע, בארג אראפּ, כדי עס זאל זייא זיין גרינגער צוטראגען משאות. דער אנדערער געהט אין פֿיעל ערטער געדרעהט אהער אונ אהין. ביידע וועגען פֿיהרען ארויס אונטער דעם וואססער. דער ביבער בויעט אימער זיין וואהנונג אויף אזא ארט, ער זאל קאננען ווען ער וויל אריין געהן אין וואססער. אין וואססער איז דעם ביבער שוין אונמאֶגליך צוא חאפּען.

דיא ביבערס בויען זייערע וואהנונגען אין טייכֿען אונ אָזערעס. זייא זוכֿען זיך אויס אזוינע ערטער, וואו דאס וואססער איז ניט זעהר ניעדריג, זעהר קליין. זייא האבען ניט ליעב, אזעלכֿע ערטער וואו דאס וואססער איז אמאל גאר הויך אונ אמאל, פֿערקעהרט, גאר ניעדריג. זייא דארפֿען אוואססער וואס איז אימער אויף איין שטאנד, אונ אזא וואססער פֿערשאפֿען זייא זיך אליין. אזויא וויא מענשען שיטען אן דאמבעס, אז זייא ווילען רעגולירען דאס וואססער, עס זאל זיין ניט מעהר אונ ניט ווייניגער וויפֿיעל עס פֿארדערט זיך אין מיהל, — אזויא טהוען דיא ביבערס אויך. זייא קאננען פֿערשפארען דאס וואססער אונ מאכֿען דאמבעס. זייערע דאמבעס מאכֿען זייא פֿון צווייגען, שטיינער אונ ערד, וואס אויפֿ׳ם גרונט טייך. דיא צווייגען שניידען זיך דיא ביבערס אליין אן מיט דיא צאֶהנער. זייערע צאֶהנער זיינען אזעלכֿע שארפֿע, דאס אין צווייא דרייא טאג בייסען זייא איבער אזא גראבען בוים, וואס אמענש קאנן איהם קוים ארום נעהמען. מיט דיא יונגע צווייגעליך אונ מיט דיא קאָרע שפייזען זייא זיך, אונ פון דיא גראבע צווייגען מאכֿען זייא דאמבעס. צום ערשטען קלאפּען זייא אריין אויפֿ׳ן גרונט פֿון טייך טרוקענע דינע שטענגלאך אונ דער נאך לעגען זייא נאך אויף דעם אן צווייגען. צוא ליעב דעם האלטען זיך דיא צווייגען אויף איין ארט אונ געהען ניט אוועק מיט׳ם שטראם. אויף דיא צווייגען שיטען דיא ביבערס אן שטיינער אונ ערד.

רייזענדע דערצעהלען, אז מען בעגעגענט זעהר גרויסע דאמבעס וואס דיא ביבערס האבען געמאכֿט. אין נאָרד-אמעריקא געפֿינט זיך אין איין ארט דיא ביבער׳ס אדאמבע, וואס האלט 80 קלאפֿטער דיא לאֶנג. צום ערשטען האבען דיא ביבערס דארט געמאכֿט אדאמבע איבער דיא ברייט פֿון טייך פון איין ברעג צום אנדערען. דיעזע דאמבע האט געהאלטען אקלאפֿטער דרייא אין דער לאֶנג. צוליב דער דאמבע האט זיך אויפֿגעהייבען

דאס וואססער אונ פֿערטרונקען דעם לינקען ברעג. אבער דיא ביבערס האבען ניט אנדרעס בעדארפֿט האבען אוואהרע סאזאלקע, דאריבער האבען זייא געצויגען דיא דאמבעס ווייטער נאך אויף 13 קלאפֿטער. דארט איז געוועזען אויף דעם גרונט א הויכער אָרט, אבערגעל, וואס פֿלעגט פֿער האלטען דאס וואססער. פֿון אנדערען זייט בערגעל האבען דיא ביבערס ווייטער געמאכט אַ דאַמבע אויף זעכציג קלאפֿטער דיא לאַנג. אויף דעם אָרט האבען זיך דיא ביבערס געטאכט ביים ברעג טייך אַ וואהרע סאזאלקע. זייער דאמבע איז געוועזען אויף אהאלבען קלאפֿטער הויך איבער דעם וואססער את האט געהאלטען אונטען ביים גרונד צווייא קלאפֿטער דיא ברייט.

דיא ביבערס בויען זייערע דאמבעס זעהר קלוג. זייא האלטען אלע מאל אזא וואססער וואס זייא דארפֿען, ניט גראָססער ניט קלענער. איב דאס וואססער הייבט זיך אויף צוא הויך, מאכען זייא אין דאמבע אלאך אונ לאזען ארויס דאס איבריגע וואססער. אין דיא היטצען, ווען עס איז אזויא אויך ווייניג וואססער, פֿערשטאפּען זייא דיא לאָכער אין גאנצען.

דארט וואו דאס וואססער איז זעהר שטראמיג, מאכען זייא צווייא דאמבעס איינע הינטער דער אנדערע.

מיט אזעלכע מיטלען קאננען דיא ביבערס פֿערטרינקען דיא נידעריגע ערטער. אמעריקאנישע קאלאניסטען דערצאָהלען אז דיא ביבערס האבען פֿיעל מאל פֿערפֿלייטצט מיט וואססער זייערע תבואה פֿעלדער.

פיר דיא ביבערס זיינען אזעלכע פערפֿלייטצונגען זעהר נוטצליך, ווארום דאמאלס קאננען זייא מיט׳ם וואססער אוועק שווימען אין וואלד נאך שפייז פֿיר זיך אונ פֿערשפארען געהן צוא פֿוס; שווימען אויפ׳ם וואססער איז פֿיר ביבערס לייכטער וויא צוא געהן צוא פֿוס.

עס טרעפֿט אז דיא ביבערס וואהנונג איז ווייט פֿון וואלד. דאמאלס גיעבען זייא זיך אויך איין עצה: זייא גראבען קאנאלען אויס טייך גלייך אין וואלד אריין. דיעזע קאנאלען האלטען אמאל אַ האלבען קלאפֿטער דיא טיעף אונ אַ האלבען קלאפֿטער דיא ברייט. דורך דיא קאנאלען פֿיהרען זייא צוא זיך אין וואהנונג דיא צווייגען אונ דיא קארע וואס זייא רייסען אָן אין וואלד. ביבערס גראבען דיא ערד מיט דיא פֿארדערשטע פֿיס, אונ דיא ארבייט געהט זעהר לאנגזאם, אבער דיא ביבערס זיינען פֿלייסיגע ארבייטער אונ האבען געדולד אויסצוגראבען קאנאלען, וואס האלטען דיא לאַנג ביז פֿינף אונ זעכציג קלאפֿטער. אָט אַזויא אָרדענען זיך דיא ביבערס אין זייערע וואהנונגען: זייא בויען הייזער, מאכען דאמבעס אונ גראבען קאנאלען, דורך וועלכע זייא פֿיהרען פֿון וואלד צווייגען אונ קארע צוא זיך אין וואהנונג.

## זיא טהיערען נעהמען אב איינע בייא דיא אנדערע זייערע וואהנונגען.

ניט אלע טהיערען בויען זיך נעסטען. עס איז דא צווישען זייא אזעלכע וואס נעהמען מיט געוואלט צוא פרעמדע נעסטען. איין טהיער בויט זיך אוים אנעסט אונ איין אנדערע טהיער נעהמט איהם צוא פיר זיך, טרייבט ארוים דעם ווירטה אונ בעזעטצט זיך אליין אויף זיין אָרט. אנדערע טהיערען ווייסען זאָגאַר קיין מאל ניט וואס דאס הייסט אליין בויען פיר זיך אוואהנונג פון אייביג אן איז בייא זייא אזא מאדע אוועקצונעהמען פרעמדע וואהנונגען.

דער פוכס, צום ביישפיעל, וואהנט אפט אין דאכסהונדס (בארסוק) נאָרע. אום צוא פערטרייבען דעם דאכסהונד, געברויכט דער חיטרער פוכס אזא מין מיטטעל. דער פוכס וויס וואהל, אז דער דאכס הונד האט ליעב, אז בייא איהם אין נארע זאל זיין גאנץ ריין אונ דאס ער קאנן ניט ליידען קיין שווערען גערוך. דער מיט בענוצט זיך דער פוכס: ער מאכט אן לעבען נארע אזויא פיעל שמיטץ אונ אזא שטינקעריי, דאס דער דאכס הונד קאן דאס ניט פערטראגען אונ מוז ענטלויפען פון זיין אייגענע וואהנונג. מעהר וויא דאס דארף דער פוקס ניט. דיא שנעעוויזעל לעבט אמאל אין דעם מוילוואורפס (קראָט) נארע: דעם קראָט טרייבט זיא ארוים אונ אז גאט גיט עסט זיא איהם נאך אויף דערצו. דיא קליינע פעטטגאנז (פינגווין) טרייבט ארוים דעם קראָליק, וואס איז גראָססער פון איהר, פון זיין נארע אונ בעזעצט זיך אליין אויף זיין ארט. דער קראליק וויל מיט גוטען ניט אבטרעטען אונ עס ווערד צווישען זייא אשטרייט, אבער דאס רוב, נעהמט איין דיא פייגעלע. דער שפערלינג (וואָראָבייטשיק) האט אויך ניט פיינדט צוא געניעססען פרעמדע. ער קלייבט זיך אָפט אריין אין שוואלבס נעסט, ווארפט ארוים פון דארט דיא קליינע פייגעליך אונ ער אליין פערבלייבט אין נעסט דער גאנצער בעל הביה. ער נעהמט אריין צוא זיך זיין געליעבטע אונ זיא לייגט דארט איהרע אייעליך. צווישען דיא פייגלען איז אויך דא פיעל רויבער אונ ראזבאָיניקעס פונקט וויא צווישען דיא ווילדע טהיערען. דיא פאַלקען (סאָקאָלעס), דיא עגיפטישע שטאָרכען אונ נאך פיעל אנדערע פייגלען וואהנען אימטער אין פרעמדע נעסטען. אין בראַזיליע (אין זיד-אמעריקע) איז דא אסארט פייגלען, וואס וואהנען אין דיא נעסטען פון דיא ווייסע מוראשקעס. דיא פייגלען רופען זיך דארט סורוקואַ. איינע ווייסע מוראשקעס (טערמיטען) בויען זייערע נעסטען אויף בוימער. דיעזע נעסטען אייזען אויס וויא באַלאָנען; דיא סורוקואַ זוכט אויס אזא נעסט, פיקט אויס אין איהם מיט'ם שנאבעל אלאך, קריכט אריין אין נעסט. אטהייל פון דיא מוראשקעס, וועלכע זיא געפינט דארט, פרעססט זיא אויף, דיא איבעריגע

צוטרייבט

צוטרייבט זיא אונ פֿון זייער נעכט מאַכֿט זיא זיך אנעסט פֿיר זיך. אַפֿילו דיא קליינע הימעל־ביענען בעזעטצען זיך אויך צייטען ווייז אין אַפֿרעמדען נעסט.

איין מאל האט זיך דיא קליינע אונ שיינינקע פֿייגעלע, וואס מען רופֿט רויטקעלכֿען, אויסגעבויעט אנעכט אויף אבאלקאָן פֿון אזוממער קוואַרטיר אין עטליכֿע טעג ארום האט אהומעל ביען צוגענומען בייא איהר דעם נעסט אונ האט איהם, נאך זיין געשמאק נאך איבערגעבויעט פֿיר זיך.

---

## וויא טהיערען מאַכען זיך צאלנעס.

גאנץ חיימ אויף דעם אָקעאַן, אין דיא קאלטע געגענדען ליעגט איין אינזעל איסלאַנדיא. אויף דיעזער אינזעל האט איינער אמאל געזעהן וויא מייז האבען זיך פֿערשאַפֿט אַ צאלנע. עטליכֿע מייז האבען אויסגעזוכֿט איין אייסגעטריקענטע פֿערדארטע שטיק קיהעשע מיסט אונ האבען אויף דעם ארוף געלעגט יאגדעס אונ אנדערע שפייז פראדוקטען. דער נאך האבען זייא דאס צוגעשלעפט צום טייך, וואס זייא האבען געוואלט איבערשווימען, אונ האבען זייער צאלנע אראפ געלאזען אין וואססער. אליין האבען זייא זיך אויך ארוף געזעצט אויף דיא צאלנע. זייא זיינען געזעסען ארום אונ ארום מיט דיא קאָפּ צוא דיא עסענוואַרג אונ מיט דיא עקען אין וואססער. עס קאן זיין אז מיט דיא עקען האבען זייא גערודערט וויא מיט וויאסלעס (רודער). דער שטראָם האט זייא אריבערגעפֿיהרט אויפ'ן אנדערען זייט טייך. דארט זיינען זייא פֿון צאלנע אראבגעגאנגען אויפ'ן ברעג. אזוינע מייז מאַטראָסען האבען אנדערע רייזענדער אויך בעגעגענט. מען דערצעהלט נאך אנדערע זאכֿען זועגען דעם וויא מייז שיפֿען אריבער זייערע זאַפאַסען שפייז. עס איז דא אזעלכֿע שוועמלאך וואס ווייזען איים וויא אליידיגער זאַקעל. זייא רופֿען זיך אן קוגעל־שוואָמלאך. דיא מייז פֿערשאַפֿען זיך אזעלכֿע שוואָמלאך אונ שיטען אן אין זייא, וויא אין זאָק, יאגדעס, קאָרנער אונ אנדערע זאַפּאַסען. נאכהער שלעפען זייא דיעזע זאָק צום וואססער אונ לעגען אריין אין צאלנע.

אין דיא בלאָטיגע אָרטער פֿון נאָרפֿאלק (אין ענגלאַנד) געפֿינען זיך שפינען, וואס קאנען אויך פֿיר זיך בויען פליטען אדער צאלנעס. דיעזע שפינען זיינען זעהר גרויסע. יעדער פֿון אזעלכֿע שפינען מאַכֿט זיך אַבאלאָן פֿון פֿערשיידענע גראז. עס זאל זיך שטארק האלטען, פֿערוועבט ער דעם באַלאָן מיט שפינוועבס. דיעזער באַלאָן שווימט איבער דעם וואססער אונ דער שפין זיטצט אין איהם וויא איג אשיף. אונ גיט גוט אכֿטונג אין אלע זייטען

זייטען צוא עס איז פֿיעללייכֿט ניט אריינגעפֿאַלען אין וואססער אפּליעגעלע אדער אזשוק. וויא ער בעמערקט נאר אזא מין פֿליעגעלע וואס איז אריינגעפֿאללען אונ קאַן ניט ארויסקריעכֿען פֿון וואססער, אזויא טהוט ער זיך אווארף צוא איהר, שלעפּט איהר ארויף צוא זיך אויפ'ן שיף אונ פֿרעססט איהר אויף. אזויא שווימט ארום דיעזער שפין אגאנץ זומער איבערן וואססער, ניט אומזיסט רופֿט מען איהם „מעער-פֿאהרער";

דיא מוראשקעס שווימען אנדערש. וועגען איין אמעריקאנישען קארט מוראשקעס ערצעהלט איינער אזויא: דיעזע מוראשקעס האבען בעדארפֿט אריבערשווימען א טייך. דער טייך איז געוועזען אברייטער אונ עס איז געוועזען שווער איהם אריבערצושווימען. דער ברעג איז אין יענעם אָרט געוועזען הויך אונ בעוואקסען פֿול מיט גראז. אראבגעהן פֿון אזא ברעג איז אויך געווען שווער, דעראיבער זיינען דיא מוראשקעס פֿון דארט אוועקגעגאנגען ווייטער;

זייא זיינען געגאנגען אזויא לאנג ביז זייא האבען געפֿונען אזאַמדיגען אונ זעהר אניעדעריגען ברעג. דארט האבען זייא זיך אפּגעשטעלט. דיא מוראשקעס האבען גענומען לויפֿען הין אונ צוריק. באלד האב איך בעמערקט, דערצעהלט יענער וואס איז געוועזען דערביי, אז יעדע מוראשקע האט געטראגען אין מויל אטרוקענעם שפענדעלע. דיא מוראשקעס זיינען צוגעגאנגען צום ברעג, האבען אראפּ געשטופּט זייערע שפענדליך אין וואססער אונ אליין האבען זייא זיך ארויף געשטעלט אויף דיא שפענדלאך. גלייך נאך דיא ערשטע שערענגע מוראשקעס האבען זיך אויף דעם אייגענעם אופֿן אצווייטע שערענגע אראב געלאזט אויף שפענדלאך אין וואססער. נאך דיא צווייטע, אדריטטע אונ אזויא ביז'ן סוף. דיא הינטערשטע האבען זיך געהאלטען שטייף מיט דיא פֿיסעליך אויף זייערע שפענדעליך אונ מיט דיא מיילכֿעליך האבען זייא צוגעהאלטען דיא פֿארדערשטע מוראשקעס. אזויא האבען זיך געהאלטען אלע שערענגעס איינע אַן דיא אנדערע. עס האט פֿיעל ניט געדויערט אונ דאס וואַססער האט זיך בעדעקט מיט מוראשקעס. יענע מוראשקעס וואס זיינען געשטאנען אויפ'ן ברעג, האבען מיט דיא מיילכֿעלאך צוגעהאלטען דיא לעטצטע שערענגע, וואס איז שוין געוועזען אויף זייערע שפענדלאך אין וואססער. ענדליך אז זייא האבען שוין מעהר קיין כח ניט געהאט זייא צוא האלטען, האבען זיך דיא צאַלנעס אבגעריסען פֿון דעם ברעג אונ זיינען אוועק מיט'ן שטראָם. אזויא האבען זיך געשוואומען דיא מוראשקעס אנהאלטענדיג זיך איינע אן דיא אנדערע. דיא מוראשקעס, וואס זיינען נאך פֿערבליבען אויפ'ן ברעג, האבען באלד אויך אראבגעלאזען צאלנעס אויפ'ן וואססער אונ דער שטראם האט זייא אויך אוועקגעטראגען. אזויא האבען דיא מוראשקעס געארבייט ביז דאס וואסער האט זייא אלעמען אריבערגעטראגען אויפ'ן אנדערען ברעג.

## 5-טעס קאפיטעל.

## וויא טהיערען רייזען.

### וויא מוראשקעס בויען בריקען און געהן אריבער איבער טייכען.

מוראשקעס קאנען איבערשווימען טייכען מיט אנדערע אופנים אויך. דיא „טרייבער", למשל, שווימען אויף דעם וואסער גאר אהן אַ שום שפענדעל. זייא זאממלען זיך צונויף אין אקאמפאניע, איינע צעפעסט זיך אָן שטייף אָן דיא אנדערע און זייא האלטען זיך אלע וויא אַ קייט. אין אזא קאָמפּאַניע געפינען זיך הונדערטע טויזענט, דיא שלאפערע מוראשקעס האלטען זיך אין מיטען. דיא שטארקערע בייא דיא זייטען. אַזאַ באַלאָן פון מוראשקעס בלייבט אין וואססער שטעהן פון אויבען. ער שווימט אזויא לאנג, ביז דער שטראָם שלאגט איהם צוא צום ברעג, אמת, אפולע פון דיזע מוראשקעס ווערען אויפין וועג פערלארען, אבער נאך מעהר געהען ארויס פון וואסער געזונד און פריש.

מוראשקעס קאננען בריקען אויך בויען. רייזענדע האבען פיעל מאל געזעהן וויא דיא אמעריקאנישע מוראשקעס בויען אַ בריק איבער אַ טייך. צום ערשטען פלעגען זייא זוכען, צוא וואכסט אפט ניט לעבען ברעג טייך אזא בוים, וואס זיינע לאנגע צווייגען העננגען אריבער אויף דעם אנדערן ברעג. אויב זייא האבען געפונען אזא בוים, האבען זייא קיין בעסערען בריק ניט בעדארפט. זייא פלעגען נעהמען קריעכען פון איין צווייג אויף דעם אנדערען ביז זייא זייען געקוממען, וואו זייא האבען געוואלט. אויב אבער זייא האבען אזא מין בוים אין יענעם געגענד ניט געפונען, פלעגען זייא זיך געבען איין אנדער עצה, נאָמליך, זייא פלענען ארויפקריעכען אויף וועלכען בוים עס איז לעבן ברעג. פון בוים פלעגען זיך דיא מוראשקעס, וויא אַ קייטעלע, אראבלאזען גלייך צום וואססער. דיא קייטעלע איז דורכ־אויס בעשטאנען פון מוראשקעס: איין מוראשקע האט זיך געהאלטען אָן דיא אנדערע, דיא אנדערע אָן דיא דריטטע, און אזויא ווייטער. דיא קייטעלע איז אימטער געווארען גראָססער און גראָססער. דעם עק פון איהר פלעגט מיט'ן וואסער צוא טראגען צום אנדערען ברעג טייך. דאָ פלעגען דיא מוראשקעס זיך אנהאפען אָן דיא גראז און ארויסקריעכען פון וואססער אויפ'ן ברעג, ניט אויפ־הערענדיג אלץ זיך צוא האלטען איינע אָן דיא אנדערע וויא פריהער. איבער דיזע קייטעלע, וואס איז מיט איין עק געהאנגען אויפ'ם בוים און מיט דעם אנדערען געלעגען אויף יענעם ברעג, פלעגען אלע איבעריגע מוראשקעס אריבערגעהן דעם טייך וויא אויף אַ בריק.

## וויא שפינען בויען בריקען אונ פליעהען אין דער לופט.

דיא שפינען קאנען אויך מאכען אַ בריק. מען האט געמאכט איין מאל אזא מין פראבע. מען האט ארופגעלאזען אַ שפינן אויף אַ שטעקען, וואס איז געלעגען אין אגרויסע לוזע וואססער. דער שפין האט גענומען לויפען איבער דעם שטעקין ארויף אונ אראפ: עס האט זיך איהם זעהר געוואלט ענטלויפען. ער איז געלאפען, געלאפען, ענדליך, האט ער פערשטאנען, אז עס איז אומזיסט זיין מיהע: עס איז ניט דא וואו צוא לויפען, אום-עט-אום איז וואסער. דאמאלס איז ער געפאלען אויף אַזא פלאן. ער האט ארויסגעלאזען פון זיך זעהר אדינעס פאדעם שפינוועבס. איין עק פון דעם פאדעם שפינוועבס האט ער צוגעצעפעט צום שטעקען אונ דעם אנדערן עק פאדעם האט ער אוועקגעלאזען אויפ'ן ווינט. דער ווינט האט פערווארפען דיא שפיננוועבס אן אזייט. דארט האט זיא זיך פערטשעפעט אן אבוים. מעהר וויא דאס האט דער שפין ניט בעדארפט: איבער דיא שפינוועבס איז ער גלייך אריבערגעגאנגען פון דעם שטאָקען אויף דעם בוים.

שפינען קאנען, ווען מען דארף, אויף זייערע שפינוועבס אין דער לופט אויך פליעהען. איין מעער-פאהרער דערצעהלט, אז ער איז אמאל געפאהרען אויף אַ שיף אין מיטטען אָקעאַן. עס איז געוועזען ניט וועניגער וויא הונדערט וויארסט פון ברעג. דאס וועטטער איז געוועזען זעהר שאָן, אבלאָער היממעל, מיט אמאל האבען דיא רייזענדע בעמערקט, אז אויפ'ן שיף האבען גענומען פאלען פון אויבען רויטע קאָרינדליך. דיעזע קאָרנדליך האבען זיך געהאלטען אויף גאנץ דינענקע לאנגע פעדימלאך. עס איז געפאלען זעהר פיעל. מען האט גענומען בעטראכטען וואס איז דאס פאר קאָרינדליך אונ פאר פאָדימלאך, האט מען דערזעהען אז דיא רויטע קאָרנדלאך זיינען קליינע רויטע שפינען, אונ דיא פעדימלאך זיינען זייערע שפינוועבס. דיעזע קלייניקע שפינען האבען גערייזט איבער דעם מעער אויף שפינוועבס-פאָדעמלאך, אזויא וויא אויף לופט-באַלאָנען. דער ווינד האט געטראגען דאס שפינוועבס, אונ דיא שפינען האבען זיך שטארק אנגעהאלטען אן דאס שפינוועבס, אונ אזויא זיינען זייא אבגעפלויגען מעהר וויא הונדערט וויארסט.

---

## וויא פיש פליעהען אין דער לופט.

עס איז דא אזעלכע פיש, וואס קאנען אויך פליעהען אין דער לופט. זייא געפינען זיך אין דיא הייסע לאַנדער. אנשטאט פליגעלען דיענען זייא פלום-

פעדער

פעדערען. זייערע פלוספעדערען זיינען גרויסע את ווייזען אויס וויא פליעגלען. דיא פליעה-פיש זיינען ניט גרעסער פון אַ הערינג. זייא שווימען גאנצע סטאיעס-וויז. אונטער דעם וואססער האבען זייא פיעל פיינד'ע וואס יאגען זיך נאך זייא אונ ווילען זייא איינשלינגען. אז עס קוממט זייא אויס שמאָל אונ זייא האבען ניט וואו זיך צובעהאלטען פון זייערע שונאים, שפרינגען זייא ארויס פון וואססער אונ לופטען. זייא לאזען פערנאנדער זייערע פלוס-פעדערן, וויא פליגלען, אונ פליהען אין דער לופט. זייא קאננען מיט דיא פלוס-פעדערן ניט בעוועגען הין אונ הער אזויא געשווינד וויא פייגלען, אבער דאך אויף צוויי דריי קלאפטער איבער'ם וואססער הייבען זייא זיך אויף. רייזענדע האבען געזעהען, וויא פליעה-פיש שפרינגען ארויף פון וואסער גלייך אויף דיא גרויסע קריעג שיפען. לאנג קאנען זייא אין דער לופט ניט פליעהען. זייא פליעהען אב פופציג, זעכציג קלאפטער אונ דער נאך פאלען זייא צוריק אראפ אין וואססער. מעער פאהרער האבען געזעהן וויא אגאנצע סטאדע פליה-פיש שפרינגט ארויס אמאל פון וואססער אונ פליעהט אוועק.

---

## וויא לאקסען שפרינגען איבער דיא וואססער פאללען*)

אין ענגלאנד געפינט זיך אקליינער וואסער-פאלל, וואס אלע ענגלאנדער ווייסען פון איהם. צוא יענעם וואסער-פאלל פאהרט מען אין פריהלינג צייט צונויף פון פערשיידענע אָרטער אנצוקוקען, וויא דיא לאַכסען מאַכען ארייזע אויף דער יבשה.

דער לאכס איז זעהר אשטארקער אונ אגרויסער פיש. געוואהנליך לעבט ער אין מעער, אבער אים פריהליגג געהט ער פון מעער ארייז אין דיא טייכען לייגען רויגען. ער שווימט זיך אזויא אין טייך ארויף שטראם אונ זוכט אגוטען אָרטעל וואו צוא לאזען זיינע רויגען.

אז עס טרעפט זיך איהם אין וועג אַוואססער-פאלל קעהרט ער זיך צוריק ניט אום; ער ווייס וויא אויסצומיידען דעם וואססער-פאלל אונ וויא צוא געהן ארום אויף דער יבשה.

מענשען, וואס זיינען געוועזן דער בייא, דער צעהלען, וויא ער טהוט

דאס

---

*) „וואססער פאלל" רופט מען איין אָרט אין טייך וואו דער גרונט לאזט זיך מיט אמאל אראב גאנץ טיעף אונ דאס וואססער פאללט אראב וויא פון אבארג אין אגרוב. דער שטראם איז דארט זעהר לאַרעמדיג אונ אזויא האסטיג, דאס עס איז אונמעגליך ניט אזויא צוא שווממען געגען איהם, אבער אפילו צוא בלייבען שטעהן אדער אראבצושווימען מיט איהם.

דאס. ער פֿערבייגט האַסטיג דעם עק האַרד צום קאָפּ צוא אונ דערנאך בייגט ער איהם געשווינד צוריק פֿערנאנדער. ער טוהט דאס מיט אזא קראַפֿט אז ער שפּרינגט בשעת מעשה וויא אַפֿייל ארויס פֿון וואסס׳ר. ער שפּריגט אונטער אויף אַ פּאר קלאַפֿטער אין דער הויך. וויא ער קוממט נאהנט צוא דעם וואסס׳ר-פֿאלל, פֿאנגט ער זיך אן אזויא צוא ווארפֿען אונ צוא שפּרינגען ביז וואנען ער שפּרינגט ארויף גאר אויפ׳ן שפּיטץ פֿעלזען פֿון וואנען דאס וואססער פֿאללט אַראָפּ. דארט שפּרינגט ער אונ ווארפֿט זיך וויעדער, ביז ער פֿאללט אריין אין אזא אָרט, וואו דער שטראָם איז ניט אזויא האסטיג, אונ ער קאנן וויטער שווימען רוהיג ארויף שטראָם. אט אַזויא מייד דער לאַכס אויס וואססער-פֿאללען, אונ דאס פאהרט מען עס צונויף זעהען פֿון פֿערשיעדענע לאֶנדער.

---

## וויא פיש זארגען פיר דיא דורות וואס קומען פון זייא ארויס.

דיא לאַקסען אונ נאך פֿיעל אנדערע פֿישען מאַכֿען זיך ניט קיין נעסטען אנשטאט דעם זוכֿען זייא אויס אזעלכֿע אֶרטער וואו דיא רויגען, וואס זייא לאזען ארויס, וועט ליעגען רוהיג, וואו דיא קליינע פֿישעליך וואס קוממען ארייס פֿון דיא רויגען, וועלען זיין זיכֿער פֿון אללע אונגליקען אונ געפֿאַהרען. געפֿינען אזא אָרט איז פֿיר פֿיש דאס זעלבע וואס בויען אנעסט אדער גראבען אַ נאָרע. אז עס קוממט דיא צייט פֿון ארויסלאזען דיא רויגען, האבען דיא פֿיש פֿיעל זאָרג אונ ארבייט. עס טרעפֿט איין אנדערס מאל, אז דיא פֿיש מאַכֿען צוליעב דעם גאנץ וויטע רייזען.

דיא לאקסען, צום ביישפּיעל, שווימ׳ן צוליעב דעם ארויס פֿון אָקעאַן אין דעם טייך אבאזאָנסקע, וואו זייא שווימען אב ארויף שטראם ביז צוווייא טויזענד וויארסט. יעדער סארט פֿיש האט זיך שוין זיינע בעליעבטע אָרטער, וואו צוא לייגען רויגע׳ן.

בייא דיא אָסט (מזרח) ברעגען פֿון זיד-אמעריקא געפֿינט זיך דער בעריהמטער ניו-פֿאנדלאָנדער זאַמד-באַנק*). דיעזער זאמד-באנק פֿערנעהמט מעהר וויא הונדערט צווייא אונ דרייסיג טויזענד קוואדראטנע וויארסט. דער מעער איז דארט אקלאפטער דרייסיג טיעף. דיזער זאמד-באנק איז איין בעליעבטער אָרט פֿון דיא שטאָק-פֿישען. אין אַבעשטימטע צייט פֿון יאהר קלייבען זיך דארט צונויף גאנצע סטאדעס שטאקפֿיש. דיא פֿישער וויסען שוין פֿון דעם אונ זייא פֿאהרען אויך צונויף אהין פֿון יאהר צוא יאהר

פון

---

*) איין אָרט אין מעער אדער אין טייך וואו דאס וואססער איז גאר ניט טיעף, ווייל דער גרונד איז דארט אויפגעהעבען האֶכֿער וויא אומעטאום.

פֿון פֿערשיעדענע לאֶנדער. פֿון אמעריקע קומען צושווימען ביז 3000 שיפֿען, פֿון ענגלאַנד ביז 2000 אונ פֿון פֿראנקרייך העבֿער וויא 600 שיפֿען. איף דיא אלע שיפֿען געפֿינען זיך פֿישער צוואַממען מיט מאטראָסען העבֿער וויא 50,000 מאן. דער שטאָק-פֿיש איז אגרויסער פֿרעססער אונ צוליעב דעם איז איהם לייכט צוא פֿאנגען מיט אווענדע. דיא פֿישער שטעהען שטאֶנדיג אונ פֿערוואַרפֿען אין מעער ווענדעס אונ שלעפּען צוריק ארויס מיט שטאקפֿישען. דיא ארבייט ברעננט בייא זייא אין יענער צייט. יעדעס יאהר פֿאנגען זייא אין דורכשניט 12 מיליאן פוד שטאקפֿיש. בייא אונז אין רוסלאַנד פֿאנגט מען שטאָקפֿיש אין נאָרד-מעער בייא דיא ברעגען פֿון ארחאנגעלסקער גובערניע.

דער שטאקפֿיש לייגט זעהר פֿיעל אייעלאך (רויגען), ניין מילליאָנען אייעליך איאהר, פֿון יעדער אייעלע אדער בראֶקעלע רויגען קאָן ארויסקוממען אַפֿיטעלע, אבער אין אמת'ן איז ניט אזויא. אפֿולע אייעלאך ווערען צוא נישטשעט, א טהייל ווערד פֿערפֿוילט אין וואססער, אטהייל פֿאלט ארייז אין דיא מיילער פֿון פֿערשיעדענע טהיערען וואס לעבען אין מעער. ווען אללע אייעלאך וואללטען בלייבען אין גאנצען, וואלט אין אקורצע צייט געווארען פֿול דער מעער מיט שטאקפֿישען אונ עס וואללט ניט געוועזען פֿון זייא וואו זיך אהינצוטהאָן. צוריק, ווען דער שטאק-פֿיש וואלט ניט לייגען אזויא פֿיעל אייעלאך, איז מאֶגליך אז דער סארט פֿיש וואלט זיך שוין לאַנג אויסגענוממען, אונ ניט אזויא דער שטאק-פֿיש אליין, אבער אויך פֿיעל אנדערע פֿישען אונ טהיערען וואללטען שוין לאנג אויסגעגאנגען איף דער וועלט, אונ זייער גאנצער גליק איז וואס זייא לייגען אזויא פֿיעל אייעלאך, אז עס איז געגוג אויף אלץ. אַפֿולע אייעלאך ווערען פֿערלאָרען, אבער אפֿולע בלייבט דאך איבער.

---

## וועגען דיא יאהרליכע רייזע פֿון הערינג.

דיא הערינג האבען אויך, אזויא וויא דער שטאק-פֿיש, בעליעבטע אָרטער וואו זייא לייגען זייערע רויגען. דיא הערינג קומען זיך צונויף אהין אין גאנץ גרויסע סטאדעס. דיזע סטאדעס זיינען אין אנדערע יאהרען אזעלבֿע גרויססע דאס זייא ציעהען זיך אויף עטליכֿע ווערסט אין דער לאֶנג אונ אין דער ברייט. אויסער דעם וואס זייא פֿערנעהמען אזויא פֿיעל, זיינען דיא סטאדעס הערינג אזעלבֿע געדיכטע, דאס פֿישער זאגען אז עס בלייבט שטעהן אשטאֶקען ווען מען שטעקט איהם ארייז צווישען זייא; אזויא האַרד איינער לעבען דעם אנדערן געהען דיא הערינג. בשעת דער הערינג בעווייזט זיך אין אָקעאַן, איז פֿיר פֿיעלע מעער-טהיערען אַ וואהרער יום-טוב. פֿון אלע זייטען קוממען צופֿליעהען מעער-פֿייגלאך אונ זייא טוקען זיך אהן

אהן אויפהער אין מעער אונ פרעססען העררינג. דיא גרויסע שרעקליכע הייפישען (ים-הונד) פאלען אויך אן אויף דיא העררינג אונ שלינגען זייא איין אן אשיעור. מיט איין ווארט, פיעלע פיינדע פאללען ארויף אויף דיא העררינג פון אללע זייטען, פון אונטען אונ פון אויבען. אבער דער שרעקליכסטער פיינד פון אללע איז דער מענש. צוא דער צייט וואס דער העררינג דארף אנקוממען, גרייטען שוין דיא מענשען אן צאלנעס, שיפען, נעטצען, גוטע דעמבאווע טונען, וואס מעהר זאלץ, אונ שטעללען זיך היטען. ווייא נאר עס בעווייזען זיך העררינג אזוייא לויפען אללע ארויס אויפ'ן ברעג, גרויס אונ קליין, אלטע אונ יונגע, מאנער אונ פרויען. דיא מאנער נעהמען זיך צוא דיא צאלנעס מיט דיא נעטצען, דיא פרויען אונ דיא קינדער גרייטען זיך צוא, ריין צוא מאכען דיא העררינג וואס מען וועט פאנגען. מען חאפט זייא זעהר פיעל. יעדעס מאל וואס מען פערוואַרפט דעם נעטץ, שלעפט מען ארויס טויזענטער שטיק העררינג. דיא מענשען וואס וואהנען בייא דיא ברעגען פון נארד-מעערען, האבען פיעל פערדיענסט פון דעם העררינג-פאנג. דיא ענגלאנדער פאנגען יעדעס יאהר ביז 900 מיליאנן שטיק העררינג, דיא פראנצויזען 450 מיליאנן אונ דיא אמעריקאנער 480 מיליאנן, דיא דייטשען אונ שוועדען חאפען מעהר פון 1500 מיליאנען ד. ה. מעהר ווייא אנדערטהאלב מיללארדען. דיא איינוואהנער פון דער שוועדישער שטאדט האממערפעסט אליין חאפען אן יעדעס יאהר מעהר ווייא 700 מיליאנן. בייא אונז אין רוסלאנד, אין דעם קאספישען מעער געפינען זיך אויך העררינג, אבער ניט אזוייא פיעל ווייא אין אנדערע מעערען. מיט איינעם ווארט, מענשען אויף דער גאנצער וועלט עסען אויף פיעל טויזענד מיליאנן העררינג איאהר. אויסער דעם געהט יעדעס יאהר זעהר פיעל העררינג פערלארען אומזיסט. מען אוספייעט זייא ניט אין דער צייט איינצוזאלצען, אונ זייא ווערען פערפוילט ליעגענדיג. נאכהער מיסטיגט מען מיט זייא דיא פעלדער.

פיעל העררינג געהט פערלארען, אבער עס בלייבען פיעל אויך לעבען. דיא העררינג שווימען צוא צוא דיא ברעגען אונ לייגען רויגען. זייא קלייבען אימער אויס אזעלכע ערטער, וואו דיא וואססער ווארעמט זיך זוממער אן פון דער זונן. יעדער העררינג לייגט מעהר פון פיערציג טויזענד ברעקעלאך רויגען. פון יעדעס בראקעלע רויגען קאנן ארויסגעהן אקליין העררינגיל. ביז ענדע זוממער וואקסען דיא קליינע העררינגלאך אונטער, ווייא עס קומט אן דער ווינטער שווימען זייא אוועק אין מעער אונ לעבען ערגעץ טיעף אין וואססער. דארט בלייבען זייא ביז פריהלינג צייט. אין אנפאנג פריהלינג פערזאממלען זייא זיך אין שרעקליך גרויסע סטאדעס, וועלכע עס העבען זיך אויף פון דער טיעפעניש אונ שווימען פון אויבען צוא דיא ברעגען לייגען רויגען. ביז זייא קומען צוא זייער ציעל קומט זייא אויס אפט צוא שווממען גאנץ ווייט.

אזוי

אזויא פאַסירט דאס בייא דיא הערינג פון יאהר צוא יאהר. יעדע רייזע קוממט זייא אן ניט אומזיסט. פיעל הערינג געהען פערלארען, אונ עס וואלט פון זייא אלעמען קיין זכר ניט געבליבען ווען זייא וואלטען ניט לייגען אזויא פיעל רויגען. עס וואלט שון לאנג קיין הערינג אויף דער וועלט ניט געוועזען ווען זייא וואלטען פון דער נאטור זיך אזויא פיעל ניט מעהרען. עס האט פיעל מאל געטראפען, דאס עס האט אויסגעזעהן אזויא וויא דיא הערינג וואלטען פערלארען דיא געדולד אונ דיא קראפטען מעהר צוא ליידען: זייא האבען פלוטצלינג גענומען שווימען מיט איין אנדער וועג. דאס פאריגע יאהר זיינען זייא געגאנגען מיט איין וועג, אונ דעם יאהר זיינען זייא אוועק מיט איין אנדער וועג. אומזיכט האבען דיא קויפלייטע אונ דיא פישער געווארט אויף דעם געוואהנליכען ארט: עס האט זיך ניט בעוויזען נאך ניט איין הערינג. צום ביישפיל ביז דעם 1587-טען יאהר פלעגט מען בייא דיא ברעגען פון שווערען פאנגען זעהר פיעל העררינג, אבער אין דיעזעם יאהר זיינען דארט דיא העררינג מיט אמאל פערפאללען געווארען, עס איז אוועק געגאנגען גאנצע 73 יאהר אונ מען האט לעבען דיא ברעגען פון שוועדען אהעררינג ניט געזעהן. נאכהער האבען זיך דיא העררינג ווידער בעוויזען. אין פערציג יאהר ארום זיינען זייא וועניגער געווארען אונ אין יאהר 1808 זיינען זייא ווידער אין גאנצען אויסגענאגען. יעטצט פאנגט מען ווידער אין שוועדען אמענגע הערינג, אבער יעטצט פאנגט מען זייא פארזיכטיג אונ מען ערלויבט ניט, דיא פישער זאללען זייא איבער פיהרען אהן אנוטץ אונ מיסטיגען מיט זייא דיא פעלדער.

---

## דיא רייזע פון שילדקראטען אדער טשערעפאכעס.

דיא שילדקראטען מאכען זיך אויך ניט קיין נעסטען, אונ זייא מאכען זיך אויך גאנץ ווייטע רייזען ווען עס קוממט דיא צייט פון אייער לייגען. דיא טשערעפאכע איז איין אינגעלומפערטעס טהיער. אויף דער יבשה קריעכט זיא זעהר לאנגזאם, איהר קערפער איז פלאטציג, אזויא וויא צונויפגעקוועטשט. איהר ברייטער רונדער רוקען אונ איהר פלאטציגע הארץ זיינען צוגעדעקט מיט א ביינענעם (ראגאווע) פאנציער. דער פאנציער בעשיצט דעם שילדקראט פון זיינע פיינד. אין אנויטה נעהמט דער שילדקראט ארונטער אונטער דעם פאנציער דיא קאפ מיט דיא פיס אויך. אונ אזעלכע אונגעלומפערטע טהיערען וואס קוים וואס זייא קריעכען, לאזען זיך אוועק פאר וויעפיל הונדערט וויארסט צוא לייגען אין אגוטען ארט זייערע אייעלאך. בייא דיא וועסט-ברעגען פון אמעריקע געפינט זיך דעם „הייליגען וויקענטיעס אינזעל". דער אינזעל ליעגט אין מיטען אקעאן אווערסט הונדערט

פֿון ברעג. אַהער קומען צושווימען אלע יאהר דיא גרויסע מעער טשערעפּאחעס ליגען אייער. געוואהנליך לעבען זייא אין מעער. אבער וויא עס קומט דיא צייט פֿון אייער לעגען קלייבען זייא זיך צוזאמען אונ שווימען צוא „דעם אינזעל". איידער זייא קומען צוא דיעזען אינזעל, דארפֿען זייא אבשווימען הונדערטער וויאָרסט. דיא אייער לעגען דיא שילדקראטען אין זאמד; זייא פֿערגראבען זייא אונ אליין שווימען זייא אוועק צוריק אין מעער. אזעלכֿע רייזען מאַכֿען דיא שילדקראטען פֿון יאהר צוא יאהר.

---

## פייגלאך וואס בויען ניט קיין נעסטען.

אזויא זארגען פֿיר דיא שפּעטיגערע דורות, וואס וועלען פֿון זייא ארויסקומען, דיא טהיערען וואס בויען ניט קיין נעסטען. עס איז אבער נאך דא אויף דער וועלט פֿיעל אזעלכֿע טהיערען וואס בויען קיין זאך ניט אונ וואס קיממערן זיך גאנץ ווייניג פֿיר זייערע שפּעטיגערע דורות. וועגען פֿליעגען אינ זשוקעס איז דאך ניט דא וואס צוא רעדען, נאר עס איז אויך דא אזעלכֿע פֿייגלען וואס זיטצען ניט אויס זייערע אייגענע אייער אונ עס קיממערט זייא ניט, וואס עס וועט פֿון דיא אייער ווערען.

צום ביישפּיעל, אין דיא אפֿריקאנישע סטעפּעס געפֿינט זיך אגרויסער פֿייגעל מיט דעם נאמען סטראַאוס. בייטאג ברענט אין דיעזע סטעפּעס דיא זון אונ עס איז גיט אויסצוהאלטען דיא היטץ, דער פֿאר אבער ביינאכֿט איז דארט קאלט. דער סטראַאוס לעגט אייער אין הוילע זאמד. אין יעדער נעסט לעגט ניט איין „זיע" אליין, אבער עטליכֿע „זיע'ן".

מען האט געפֿונען אין אנדערע נעסטען צוא זעכֿצעהן אייער. וויא דיא „זיע" סטראַאוס לעגט אוועק דיא אייער געהט זיא אוועק אונ וויל פֿון קיין זאך מעהר ניט וויססען. דער צער פֿון גדול בנים, ד. ה. דיא זארג וועגען אַ שפּעטיגערען דור פֿאלט אין גאנצען ארויף אויף דעם „ער". אונ אפֿילו ער אליין האט אויך ווייניג זאָרג. בייטאג ווארעמט דיא אייער דיא ברעננעדיגע זונן, דאמאלס דארף ער שוין אויף דיא אייער ניט זיטצען. נאר ביינאכֿט זעטצט ער זיך אויף דיא אייער אונ שיטצט זייא מיט זיין קאָרפּער פֿון דיא נאָכֿטליכֿע קאָלט. אַלזאָ, אייער פֿון אסטראַאוס זיטצען אויס דער „ער" צוזאממען מיט דיא זונן.

אין אויסטראליען לעבט גאר אזא מין פֿייגעל, וואס ניט דער „ער" אונ ניט דיא „זיע" וויססען גאר ניט וואס דאס איז זיטצען אויף אייער. דיעזער פֿייגעל רופֿט זיך מאַלעאָ. דיא זיא-מאַלעאָ גראבט אויס נעבען א בוים א גריבטל. ליינט דארט איהר איי אונ פֿערשיט איהם מיט ערד־

זיא קלייבט אללע מאל אויס פֿיר דיא גריבעל אזא ארט וואו עס ברענט דיא זונן. בייטאג ווארעמט אן דיא זונן צוגלייך דיא פֿערגראבענע איי, און אויף דעם אַרט זיטצט דיא זונן אויס דיא איי אנשטאט דיא פֿייגעלע.

אין אייסטראַליען געפֿינט זיך נאך אַפֿייגעל, וואס רופֿט זיך דיא בוש-הוהן, און וועלכע עס זיטצט אויך ניט אויס איהרע אייער. אנשטאט דעם פֿיהרט זיא זיך אזויא. ווען עס קומט דער פֿריהלינג נעהמט זיא צונויף שאַרען אין איין בערגעלע אראפגעפֿאלענע בלעטער, פֿערטריקענטע גראז, מאָת און מיסט. זיא פֿאנגט אן דיעזע ארבייט מיט עטליכע וואָכען פֿריהער אײדער זיא דארף לייגען אייער. זיא שארט צונויף בלעטער מיט דיא פֿיס און ווארפֿט זייא אהינטער. אויף דעם אַרט קלייבט זיא צוזאמען אגאנץ גרויסען בארג פֿון אלערליי פֿערפֿוילטע געגענשטענדען, וואס וואָלגערן זיך אויף דר'ערד. אין איין אנדער בארג קאן זיך גאר געפֿינען ניט וועניגער ווייא פֿיער וואגען אזעלכע מיסט. געוואהנליך האלט דער בערגעל אַהאלבען קלאַפֿטער דיא הויך און צווייא קלאַפֿטער ארום און ארום.

דיא פֿערפֿוילטע בלעטער און גראז וואס זיינען צונויפֿגעקעהרט אין איין אָרט, פֿאנגען אָן צוא ברעננען. דאמאלס לעגט דיא פֿייגעל אין רעכטען מיטען בארג מיסט איהרע אייער, איין איי וייט פֿון דער אנדערע אויף זיעבען ווערשאק. זיא לעגט דיא אייער איין ארשין טיעף אין בארג מיט'ם ברייטען עק ארויף. פֿון אויבען דעקט זיא זייא צוא מיט מיסט. דיא מיסט דערוואַרעמט זיך, דער פֿון ווארימען זיך אויך אן דיא אייער. אין אקורצע צייט ארום געהן פֿון דיא אייער ארויס פֿייגעלאך. אזויא זארגען וועגען זייערע שפעטיגערע דורות דיא טהיערען וואס בויען ניט קיין נעסטען. יעדע לעבעדיגע בעשעפֿענים זארגט וועגען דעם וויא זיא קאן. וויער עס זארגט וועניגער, וועהר מעהר, אבער אלערליי טהיערען וואס זיינען דא אויף דער וועלט, בעמיהען זיך פֿון אייביג אן עס זאל פֿון זייא בלייבען אַדור, און צוליעב דעם עקסיסטירען זייא שוין פֿיעל טויזענד יאהר. דיא שוואלב לעגט אין איהר נעסט וועניג אייער, אבער דערפֿיר זארגט זיא זעהר פֿיעל וועגען יעדע אייעלע בעזונדער און אינטערעסירט זיך וויא מען דארף מיט איהרע יונגע פֿייגעלאך. ווען ניט דאס וואלטען שוין אלע שוואלבען לאנג אויסגעשטארבען אויף דער וועלט.

דער הערינג, דער שמאק-פֿיש, דער הייטעריק און נאך פֿיעל אנדערע טהיערען אינטערעסירען זיך גאר ניט מיט זייערע אייעלאך, דער פֿאר לעגען זייא אבער אייעלעך אהן אשיעור. פֿיעל פֿון זייא ווערען פֿערלארען און פֿערפֿאלען, אבער עס בלייבט דאך וויפֿיעל עס איז איבער אויך און פֿון דיא איבערגעבליעבענע אייעלאך קוממען ארויס נייע דורות.

ווען

ווען דיא הערינג וואלטען ניט לעגען אזויא פֿיעל אייעלאך, וואלט שוין לאנג אויף דער וועלט קיין הערינג ניט געוועזען.

## דיא טהיערען מעהרען זיך אויף דער וועלט.

יעדע לעבעדיגע בעשאֶפֿענים קאנן פֿול מאַכֿען דיא גאנצע וועלט, ווען עס זאל איהר קיין זאך ניט שטערען. מיט פֿיער הונדערט יאהר צוריק איז אין אמעריקע גאר ניט געוועזען קיין פֿערד, דיא ערשטע פֿערד האבען געבראַכֿט אין אמעריקע דיא שפאניער אויף זייערע שיפֿען. דיא פֿערד האבען זיך זעהר שנעלל פֿערמעהרט, פֿון עטליכֿע פֿאַר איז אין אקורצע צייט געווארען אַ מענגע גרויסע טאבונעס. פֿיעל פֿערד זייען צולאפֿען אין דיא סטיעפעס אונ זענען דארט געווארען פֿערווילדעט, אונ יעטצט פֿיטערן זיך אין דיא אַמעריקאנישע סטעפעס זעהר פֿיעל גרויסע כטאדעס ווילדע פֿערד. אין דיא סטעפעס לעבען זייא אין וואָהלטאָג: עס איז דאָ אומעטאום גענוג שפייז אונ גענוג פֿרייע פלאטץ זייא זייען אימער זאַט אונ אימער פֿראנק אונ פֿרייע. קיין זאך שטאָרט זייא ניט זיך אזויא צופֿערמעהרען.

קיין הינד זייען אויך ניט געווען אין אמעריקע מיט 400 יאהר צוריק. מען האט זייא אויך געבראַכֿט אהין אויף שיפֿען, זייא זייען דארט געווארען פֿערווילדעט אונ עס איז פֿון זייא ארויס געקוממען אזעלכֿע בייזע אונ געפֿאֶהרליכֿע רויב טהיערע וויא אונזערע וואֶלף.

ביענען האט מען אויך פֿערפֿיהרט אין אמעריקא פֿון אירופא; פֿריהער זענען זייא דארט ניט געווען. אבער זייא האבען זיך דארט זעהר שנעל פֿערמעהרט אונ זייא געפֿינען זיך דארט יעטצט אומעטאום.

דיא אמעריקאנישע אינדיאַנער רופֿען דיא ביענען „ענגלישע פֿליגען" אונ קאנען זייא ניט ליידען. זייא רעכֿענען, אז וואו נאר עס בעוויזען זיך דיא ביענען, דארטהין וועלען באלד קומען דיא ווייסע מענשען — דיא ענגלאֶנדער אונ דיא אמעריקאנער. אונ פֿון דיא ווייסע מענשען האבען דיא אינדיאנער אין ערגענדס גאר קיין נחת ניט געהאט.

פֿיעל טהיערע האבען זיך פֿערנאנדער געשפרייט אויף דער וועלט, נאר דורך דעם ווילען פֿון דעם מענשען. וואוהין דער מענש האט זיך איבערגעקליבען, האט ער מיט זיך גענומען זיינע היימישע פֿיהע. דיזע טהיערע האבען זיך זעהר שנעל פֿערמעהרט אונ פֿול געמאַכֿט דיא ערד. עס האט זיך געמאַכֿט אָפֿט אז מענשען האבען גאר ניט ווילענדיג פֿערפֿיהרט טהיערען אין נייע לאֶנדער. אללע ווייסען, צום ביישפיעל אז אויף דיא שיפֿען געפֿינען זיך גרויסע מייז (שטשורעס). אנדערע מייז פֿאהרען אב אויפֿן שיף

שיף יאהרען-לאנג, אונ מאכען אויף איהם ארייזע ארום דיא וועלט. אז דער שיף שטעלט זיך אפּ בייא דעם ברעג אונ דיא מאטראָסען געהען אראפּ אויף צאָלנעס, פֿערגנבענען זיך מייז אויך דיא אין דיא צאלנעס אונ דער נאך געהען זייא אראב אויפ'ן ברעג צוגלייך מיט דיא מאטראָסען. אויף דעם ארט האבען זיך דיא שטשורעס בעוויזען אויף פֿערשיידענע וויסטע אינזלען וואס געפֿינען זיך אין מיטען אָקעאַ, גאנץ ווייט פֿון ברעג.

דיא מעער פֿאהרער וויעדער דערצעהלען, אז איינינגע פֿייגלען פֿליהען נאך הינטער דיא שיפֿען אונ פֿליהען מיט זייא אריבער דעם אָקעאַן. אז זייא ווערען מיד פֿליהענדיג, זעטצען זייא זיך אויפ'ן שיף אונ רוהען אב. אויף דעם אַרט זיינען אנדערע פֿייגלען פֿערפֿלויגען אין ווייטע אֶרטער, וואו זייא האבען זיך ביז אהער נאך ניט געפֿונען. מען דערצעהלט, אז אין ענגלאנד האט אמאל אַ פֿייגעל זיך געמאכט אנעסט אויף דעם זעגעל-בוים פֿון אשיף אונ האט זיך דארט אוועקגעזעצט אויף דיא אייער. אין דער צייט וואס זיא איז זיך געזעסען אויף דיא אייער, האט דער שיף געמאכט צוויי קורצע רייזען (נסיעות). דיא יונגע פֿייגלאך האבען בעקומען פֿעדערען בשעת דער שיף איז געשטאנען אין איין אויסלאָנדישען האַפֿען. דיא אלטע מוטער אונ איהרע יונגע פֿייגעלאך וואס האבען זיך שוין אין נעסט מעהר ניט גענאָטהיגט, האבען זיך איבערגעקליעבען פֿון שיף אויפ'ן ברעג אונ זיינען שוין דארט פֿערבליעבען אויף אללע מאל.

אין מיטען מעער, ווייט פֿון ברעג, געפֿינען זיך אזוינע אינזלען וואס זיינען בעזעצט מיט פֿיעל טהיערען פֿון פֿערשיידענע (מינים) אַרטען; עס איז דארט אויך פֿערהאנדען שלאנגען, עקדעשען, יאשטשערקעס אונ נאך פֿיעל אנדערע. וויא אזויא זיינען זייא געקומען אהין? מענשען האבען דאך זייא געוויס ניט מיט גענומען אהין, ווארום צוא וואס זאל דאס אמענש מיטפֿיהרען מיט זיך אַ באָא אדער אגרויסען ריעזען שלאנג? אלאנגע צייט האבען מענשען ניט געוואוסט מיט וועלכע קונצען פערשפרייטען זיך דיא טהיערע איבער דער וועלט. יעטצט אבער האבען שוין מענשען וועגען דיא אנגעלעגענהייטען פֿון טהיערען זעהר פֿיעל ערפֿאַהרען.

---

## וויא דער ווינד אונ דאס וואססער העלפֿען טהיערען זיך פערשפרייטען אויף דער וועלט.

טהיערען קאנען זיך פֿערשפרייטען אויף דער וועלט אויף פֿיעלערלייא אופֿנים. דער ווינד טהוט אמאל אַחאפּ אגאנצע מחנה היישעריקען אונ פֿערטראגט זייא גאנץ ווייט איבערן מעער אונ לאזט זייא דארט. עס

האט

האט זיך פֿיעל מאל געמאַכט אז דער שטורם-ווינט וואס הייסט סמערטש (אדער וואסערהאָז) האט זיך ארונטערגעלאזט אויף אַ פֿעלד וואו עס איז געווען פֿיעל ווערימליך, זשאבעס אונ רויפען. דער סמערטש האט זייא גענומען דרעהען אין לופט, האט זייא אויפֿגעהייבען אין דער הויך אונ ערגעץ וואו פֿערטראגען.

אין דער הויך בלאזט דער ווינט שטענדיג שטארקער, וויל דארט פֿערשטעלט איהם קיין זאך ניט, אונ עהדער דיא טהיערען, וואס ער האט אויפֿגעהייבען זיינען ארונטערגעפֿאללען, האט ער זייא אלץ געטראגען ווייטער אין אזייט. אזויא פֿליהען אמאל אין דער לופֿטען אזעלכע טהיערען וואס קאנען געוועהנליך גאר ניט פֿליהען.

עס האט זיך פֿיעל מאל געמאַכט, אז דער ווינט האט זייא פֿערטראגען אויף צעהנדלינגע אונ הונדערטע ווערסט. צום סוף, זיינען זייא געפֿאללען פֿון הימעל אויף דר'ערד וויא רעגען, צום גרעסטען וואונדער פֿון מענשען, וואס האבען ניט פֿערשטאנען פֿון וואנען דאס קומט.

אין פארצייטיגע אלטע ביכער איז פֿערשריעבען, ווען עס האט גערעגענט מיט טהיערען.

אין יאהר 1806 איז אין דייטשלאנד געגאנגען אַ רעגען פֿון ראַקעס. אין 18 יוני פֿון דעם יאהר 1841 האט אָנדערהאלבען שעה נאָכאַנאַנד אין דער שוועדישען שטאדט אוקקערמארק, גערעגענט מיט פֿיש. עס איז געפֿאלען פֿון הימעל פלאטקעס, העכט, שטאַכעל פֿישליך אונ אָקונעס. עס איז דאמאלס אזויא פֿיל פֿיש אנגעפֿאלען אז אין איין דאָרף איז דיא ערד געוואָרען אין גאנצען בעדעקט מיט אסלאָי פֿיש. אין אנדערע אָרטער איז אנגעפֿאלען פֿיש אויף אפיערטעל ארשין דיא גראָב. עס פֿערשטעהט זיך אז דיא ארונטערגעפֿאלענע פֿיש איז ניט געווען קיין לעבעדיגע. ראקעס היישעריקען, זשאבעס, ווערים פֿאללען אמאל אראפּ לעבעדיגע אויך. אויף דעם אָרט פֿאללען אראפּ דיעזע טהיערע אין אזעלכע לאָנדער וואו זייא זיינען פֿריהער קיין מאל ניט געווען. דארט פֿערבלייבען זייא אונ פֿערמעהרען זיך מיט דער צייט. אַלזאָ העלפֿט דער ווינד דיא טהיערען זיך צוא פֿערשפרייטען איבער דער וועלט.

ניט נור קליינע בעשעפֿענישען, אבער עס טרעפֿט איך אז גרויסע טהיערען מאַכען גאנץ ווייטע רייזען פֿון איין לאנד אין דאס אנדערע אונ בעוויזען זיך אמאל, גאר ניט ווילענדיג, אין נייע אָרטער.

אויף דעם אינזעל „דער היילינער וויקענטיע" פֿיהרט זיך ניט קיין ריזענשלאנגען (באָאַ). איין מאל האט דער שטראָם צוגעשלאגען צום ברעג פֿון דיעזער אינזעל אגאנצען בוים, וואס איז געווען אויסגעריסען מיט דיא װאָרצלען. עס קאנן זיין אז דעם בוים האט אויסגעריסען אַווינד

וואָרום

ווארום אין יענע אָרטער זיינען דא גרויסע ווינדען, אדער פּיללייכט איז ער געוואקסען נעבען ברעג אונ דער שטראם האט איהם אונטער געשוויינקט אונ ער איז ארייננעפּאלען אין וואססער. אויף דעם בוים איז געוועסען אגרויסער ריזענשלאנג פון עטליכע קלאפּטער דיא לאַנג. דאס איז געוועזען אַ „ויע". זיא האט זיך ארום געדרעהט ארום דעם בוים אונ האט זיך אזויא געהאלטען. דער שטראָם האט אוועקגעטראגען דעם בוים גלייך אין מעער. עס איז אויסגעקוממען ארעכט ביסעל צייט צוא שווימען אין מיטטען מעער. אזויא האט דער שלאנג אבגערייזט עטליכע הונדערט ווערסט. אז דער בוים האט זיך אבגעשטעלט לעבען אינזעל, איז דער שלאנג אראבגעשפּרונגען אויפ׳ן ברעג. דאָרט האט זיך געפּיטערט אַ סטארע שאָפסען. אזויא וויא דער שלאנג האט זיך אין וועג אויסגעהונגערט, האט ער געהאפּט אַ שאָפּס אונ האט איהר איינגעשלונגען. דיא איינוואהנער האבען באלד בעמערקט, אז עס ווערען בייא זייא פערפאללען שאָפסען. זייא האבען גענומען זוכען דיא אורזאכע דער פון. דאמאלס האבען זייא געפונען דעם ריזען-שלאנג אונ האבען איהם געטייטעט, אבער ווען זייא וואלטען איהם ניט געטייטעט, וואלטען זיך אין אַ קורצע צייט בעזעטצט אויף יענעם אינזעל דיא שרעקליכע שלאנגען.

אין דיא קאלטע לענדער מאַכען דיא ווייסע בערען גאנץ גרויסע נסיעות איבער׳ן אייז-מעער (ים-הקרח), זייא שטעלען זיך אויף אַ שטיק אייז (קריהע) אונ שווימען אב טויזענטער ווערסט. אין דיא הייסע לאַנדער שווימען אפּט טהיערען אויף בוימער. דיא גרויסע ווינטען רייסען אויס פּיעל בוימער אונ פער-טראגען זייא אין מיטטען אָקעאַן. מעער פּאהרער דערצאָהלען, אז זייא האבען פּיעל מאל בעגעגענט בוימער שווימענדיג. דיא בוימער האבען געהאט אויף זיך בלאַטער, עס האט זייא געטראגען מיט׳ס שטראָם אלץ ווייטער אונ ווייטער פון ברעג. אויף דיא בוימער זיינען געזעסען שלאנגען, יאשטשערקעס, פּליעגען זשוקעס אונ פּיעל אנדערע. אין-זיד-אמעריקע טראָגט אָן אין אנדערע אָרטער אזויא פּיעל שווימענדיגע בוימער, וואס דער ווינט האט אויסגעריסען אז פון ווייטען זעהט עס אויס וויא עס שווימט אַ גאנצער אינזעל. אויף איין גרויסען טייך, ניט ווייט פון אָרט וואו ער פּאללט אריין אין מעער, האט זיך גאנצע 40 יאהר געהאלטען אזא מין אינזעל. ער האט געהאלטען 50 ווארסט אין דער לאַנג אונ ביז הונדערט קלאפּטער דיא ברייט. דער ווינט האט אנגעטראגען אויף איהם ערד אונ אויף דיא ערד האבען אויסגעוואקסען קוסטעס אונ זאַגאַר בוימער. פייגלען האבען דארט פּערפיהרט נעסטען; טהיערען האבען אים געגראבען נארעס. עס פּערשטעהט זיך אז אויף אזא אינזעל זיינען אלע טהיערען געקוממען דורך אַ צופאלל, אבער נאכהער האבען זייא זיך דארט געמעהרט אונ האבען זיך אבגעלעבט גאנצע 40 יאהר.

איין

איין מאל האט זיך אבער געמאכט אגרויסער שטורם-ווינד אונ האט צובראכען דעם גאנצען אינזעל אויף שטיקלאך , וואס זיינען מיט'ם וואססער אוועק אין מעער.

רייזענדע דערצעהלען: מיר האבען געזעהן פערשיידענע טהיערען אויף דיעזע אינזלען. אויף איין אינזעל זיינען געזעסען שטארכען, ניט ווייט פון זייא האבען גענומען פלאטץ א גאנצע סטאדע מאלפעס. אז מיר זיינען געפאהרען מיט אונזער שיף פארבייא זייא, האבען זיך דיא מאלפעס גערדרעהט אונ געקרימט, אז עס איז געוועזען א געלעכטער צוא זעהן. דיא שטארכען האבען גאר פערריסען דיא קעפ אונ האבען געקוקט וויא גרויסע לייט. אויף איין אנדערן שטיקיל אינזעל זיינען געזעסען פיעל ווילדע ענטען אונ אגאנצע געזעלשאפט פון וועווערקעס (ביעלקעס). הינטער זייא איז נאך געשוואומען אגרויסער צעדער-בוים. אויף דעם שטאם פונ'ם בוים איז געזעסען בייא איין זייט א קראקאדיל אונ ניט ווייט פון איהם אגרויסע טיגער-קאטץ. זייא האבען זיך אן געקוקט איינער אויף דעם אנדערן וויא פיינדע.

אין אמעריקא, לעבען שטאדט מאנטעווידע, זיינען אמאל בייא נאכט פון אזא מין שווימענדער אינזעל אראב אויפ'ן ברעג פיער טיגערן. דיא איינוואהנער האבען אויף מארגען מיט שרעק דערזעהען אז טיגערן לויפען ארום איבערן גאנצען שטאדט.

אזוי העלפט דער וואססער אויך דיא טהיערען זיך צוא פערשפרייטען איבער דער גאנצער וועלט.

---

## ווער נאך העלפט דיא טהיערען זיך צוא פערשפרייטען אויף דער וועלט?

דיא טהיערען אליין העלפען אויך איינע דיא אנדערע זיך צופערשפרייטען איבער דער וועלט. אנדערע אזערעס האבען צוא פערדאנקען זייערע פיש נאר דיא הילפע פון פייגלען. ווילדע גענז, ענטען אונ פיעל אנדערע צוג פייגלאך ערנעהרען זיך, אין דער צייט וואס זייא פליהען איבער פון איין ארט אויף דעם אנדערען, מיט אייעליך (רויגען) פון פיש. אין דיא מיסט פון דיעזע פייגלען איז אויך אפט דא פיש רויגען. אונ עס טרעפט נאך אמאל אזא וואונדער, דאס דיא רויגען איז נאך לעבעדיגע. דיא פייגעלשע מיסט פאלט אריין אין וואססער (בשעת דיא צוג פייגלאך פליהען אין יענע געגענד) אונ פון דיא לעבעדיגע רויגען קומען ארויס פישעלאך. דיא פישעלאך וואקסען אויס, מעהרען זיך פערנאנדער אונ אין דיא אזערעס בלייבען שוין אויף אלע מאל פיש. אויף דעם אופן ווערען בעזעטצט מיט פיש אפילו אזעלכע אזערעס

וואס

וואס געפינען זיך אויף הויכע בערג, גאנץ ווייט פון טייכען אונ פון מעער.

אמאל מאכט זיך אויך, אז דיא רויגען נעהמט זיך אן אויף דיא פעדערן פון דיא פייגלען בשעת זייא פלעסקען זיך אין וואססער ביים ברעג טייך; דער נאך טראגען אויף זיך אריבער דיא פייגלאך דיא רויגען פון איין אָזערע אין דיא אנדערע, פון איין טייך אין דעם אנדערען. זשוקעס טראגען אייך איבער אויף זיך רויגען.

עס איז דא זשוקעס וואס לעבען געוואהנליך אין וואססער, אבער בייא נאכט געהען זייא ארויס אויפ'ן ברעג. אמאל פליען זייא איבער פון איין טייך אין דעם אנדערען אונ טראגען אזוא איבער אויף זיך דיא רויגען. אָפט פערטראגען זייא אויך דיא רויגען גאנץ ווייט.

פייגלאך ווידער טראגען אויף זיך איבער סיי זשוקעס, סיי פליעגען אונ אויך פיעל אנדערע בעשעפענישען.

אין דיא הייסע לאֶנדער שטעהען אין רייגען צייט, אין נידעריגע אָרטער, גרויסע לוזעס וואססער. זייא שטעהען נאר אַ לאנג עס געהען רעגען, ווייא עס האָרט אויף צוא רעגענען, ווערען זייא פון היטץ אויסגעטריקענט. אבוואהל, אבער, זייא שטעהען ניט לאַנג אונ זייא זייען גאר אבגעזונדערט פון אנדערע וואססער'ן, דעננאך בעווייזען זיך אין דיעזע לוזעס פיש. דיא פיש איז וויא געוואהנליכע פיש, וואס קאנן אהן וואססער אַ טאג ניט איבער-לעבען. ווער לאזט זע אריין אין דיא לוזעס פיש? — דאס טהוען פייגלאך אונ זשוקעס, וואס פערטראגען אהין רויגען. וויא דיא לוזעס טריקענען אויס, שטארבען צוא גלייך אוים דיא פיש איבער אַ יאהר, וויא עס פאנגט אָן צורעגענען, איז אין דיא לוזעס ווייטער דא פיש. אזויא געהט דאס פון יאהר צוא יאהר.

אזויא פערשפרייטען זיך דיא טהיערען איבער דער וועלט. דיא וועלט איז גרויס אונ גראָס אונ אומעטאום איז זיא בעזעצט מיט לעבעדיגע בעשאַפענישען. זייא וואהנען אויף אינזעלען, וואס זייען ווייט פון ברעג, אויף הויכע בערג אונ אין דיא אָזערעס וואס אויף דיא בערג. אויף דער וועלט איז ניט דא אזוא ווינקעלע, וואס קיין לעבעדיגע בעשאַפענים זאל דארט ניט וואהנען. אין פינסטערען הייל אונטער דער ערד, אויף דעם שנעע וואס איז אויפ'ן שפיטץ בארג, טיעף אין מעער, הויך אין דער לופטען — אומעטאום זוכט איהר געפינען לעבעדיגע בעשאַפעניסען, אמאל דיא, אמאל אנדערע, אבער געפינען וועט איהר.

---

## וויא מען לעבט אויף דער וועלט.

יעדעס טהיער דארף האבען פיר זיך ארוהיגען ווינקעלע. ניט אומעטום קאַן יעדעס טהיער לעבען. דער טינער וועט אין אַ קאלטע לאנד פער-

פֿראהרען ווערען, אבער דער וויסער באֶר ווערט קרעפּירען פֿון היטץ אין א הייסע לאנד. אין דיא קאלטע לאֶנדער לעבען אַ זעלבע טהיערען, וואס מען בעגעגענט ניט אין דיא ווארמע לאֶנדער. אויך ניט אומעטאום קאנען זיך טהיערען פֿערמעהרען. אין אייניגע אֶרטער געפֿינט זיך פֿיר זייא צוא וועניג עסען, אין אנדערע, זייען זייא ניט זיכער פֿון פֿיינד. אין זיד אמעריקע איז דא אלאנד פּאַראַגוואַיי. אין דיעזעם לאנד איז דא זעהר גוטע ווידע פּלאֶטצער, פֿעטטע לאֶנקעס מיט פֿיעל גראז, דעננאך זעהט מען דארט ניט קיין ווילדע פֿערד, אבער אין דיא לאֶנדער, וואס ליעגען ארום פּאַראַגוואַיי זייען דיעזע טהירען יע דא. פֿיר וואס זע פֿיהרען זייא זיך ניט אין פּאַראַגוואַיי? — דיא אורזאַכע איז אַ פֿליעג וואס שטעהט זייא אין וועג. אין פּאַראַגוואַיי איז דא אַ בעזאָנדערע פֿליעג, וואס לעגט איהרע אייעלאך אין דעם נאַפּעל פֿון יונגע ערשט געבארענע קאֶלבער אינ זשרעבציגעס. פֿון דיא אייעליך ווערען דארט וואָרים, פֿון וועלכע דיא טהיערען שטארבען אויס. אז עס טרעפֿט אמאל, אז עס ווערד וועניגער פֿליעגען, בלייבען דאמאלס מעהר לעבען קאֶלבער אונ זשרעבציגעס.

דיא מיקען (קאָמארעס) לייגען זייערע אייעליך אין וואסער. פֿון דיעזע אייעליך געהן ארויס רויפּען וואס לעבען אין וואסער. פֿיש עסען דיעזע רויפּען. אין אמעריקא נאֶהרען זיך מיט זייא פֿאָרעללען (א א מין פֿיש). אין דיא אֶרטער וואו עס געפֿינען זיך רויפּען, איז דא פֿיעל פֿאָרעללען. אויסער דיא רויפּען פֿון קאָמאַרען, לעבען נאך אין וואססער רויפּען פֿון דיא פֿליעג, וואס מען רופֿט דיא מאַיי פֿליעג. דיא מאַיי פֿליעג רויפּען פֿרעססען אויך זעהר פֿיעל לאַקס רויגען. זייא וואלטען נאך מעהר לאַקס רויגען אויפֿגעפֿרעסען, ווען ניט דיא פֿאָרעללען וואס פֿרעסען אויף אמענגע רויפּען פֿון דיא מאַיי פֿליעג. אַלזאָ קוממט אויס, דאס פֿאָרעללען לעבען פֿון דיא קאָמאַרען רויפּען; דיא פֿאָרעללען פֿרעסען אויף דיא רויפּען פֿון דיא מאַיי פֿליעג; דיא מאַיי פֿליעג רויפּען פֿרעססען אויף דיא רויגען פֿון לאַקס. עס טרעפֿט אַ יאהר, וואס איז דא וועניגער קאָמאַרען, דאַמאָלס איז שוין פֿאָרעללען אויך וועניגער, ווייל זייא האבען ניט וואס צוא עסען, אונ וויא באלד עס איז וועניגער פֿאָרעללען, ווערען דיא לאַקסען אויך וועניגער. ווייל דאמאלס פֿערמעהרט זיך דיא צאהל פֿון דיא מאַיי פֿליעג רויפּען, אונ זייא פֿרעססען אויף פֿיעל לאַקס רויגען;

אזויא געהט עס אויף דער וועלט. איין זאך איז פֿערבונדען אונ האֶקעלט זיך מיט דער אנדערע.

אין אויסטראליען וויית פֿון אונז האט זיך מיט 200 יאהר צוריק געמאַכט אזא מין צופֿאל. ענגלישע קאָלאָניסטען, וואס האבען זיך דארט בעזעצט, האבען גענומען זייען פֿיר זייערע בהמות ראָזען (אזא מין גראז) קליעווער, דער קליעווער איז אויסגעוואקסען, אבער אהן זוימען קאֶרנער. זייא האבען איבערגעטאהון

איבערגעשהן מיטלען אונ אלע סגולות אין דער וועלט, אבער קיין זוימען האבע זייא דאך פיר קיין ארט ניט געקאננט בעקומען פֿון דעם קלעווער. וואקסען האט ער געוואקסען, אבער אהן זוימען קארנער. זייא האבען אַ לאנגע צייט געטראכט, וואס קאנן דאס זיין דיא אורזאכע פֿון דעם. ענדליך האבען זייא פֿערשטאנען פֿון וואנען עס קוממט ארויס. דער קליעווער האט דעריבער ניט געוואקסען מיט זוימען קארנער, ווייל אין אויסטראליען איז נאך דאמאלס ניט געווען קיין ביענען אונ קיין הוממעלן (אַסארט ביען). אהן דיא הילפֿע פֿון ביענען קאנען זיך דיא געוואַכסע ניט פֿערמעהרען. דער ביען זוכט אין דיא בלומען האניג, זיסע זאפֿט, ער געפֿינט ניט אין איין בלום, פֿליעהט ער ארויף אויף איין אנדער בלום. יעדער ביען בעזוכט פֿיעל בלומען, איינע נאך דיא אנדערע, איידער ער קוממט אהיים, אין ביענשטאק. פֿליעהענדיג פֿון איין בלום אויף דעם אנדערען, טראגט ער איבער פֿון איינעם אויף דעם אנדערן דיא פֿרוכט בליהונג את הויל צוליעב דעם גיעט דער בלום פֿון זיך ארויס פֿרוכט. אהן דיא פֿרוכט בליהונג אבער גיעט קיין בלום פֿון זיך קיין פֿרוכט ניט ארויס.

בייא געוואַכסע (גראז, בוימער, בלומען) איז אויך דא איין „ער" מיט אַ „זיא", אזויא וויא בייא טהיערען, מען האט זיך פֿון דעם דערוואוסט מיט אַ יאהר דריי הונדערט צוריק. אַגעלעהרנטער מאַן האט אמאל בעמערקט, אז האָטש גאָר דיא קאָנאָפּעל בליהט, אבער פֿרוכט (קאָרנער) איז דא ניט אויף אללע בלומעלאך. אייניגע בלומעלאך גיעבען ארויס פֿון זיך פֿרוכט, אבער אנדערע האבען אויף זיך קיין מאל קיין פֿרוכט ניט. ער האט גענומען גענויער בעטראכטען ביידערליי בלומעלאך, האט ער בעמערקט צווישען זייא איין אונטערשיעד אין זייער געביי, אין זייערע פאָרמעס. אין אייניגע בלומעלאך זייען אללע מאל דא פֿאֶדימלאך וואס מען רופֿט „שטויבנעפֿאֶס"; אין אנדערע איז קיין פֿאֶדימלאך ניט דא, אונ אנשטאטט דעם האבען זייא אין רעכטען מיטען אַ בלומענקנויט. פֿרוכט (קאָרנער, זריעה) גיעבען נאר ארויס דיא בלומעלאך מיט'ם בלומענקנויט. דיא בלומעלאך מיט דיא „שטויבנעפֿאֶס" גיעבען קיין מאל קיין פֿרוכט ניט ארויס. אבער אין דיא „שטויבנעפֿאֶס" וואכסט אויס אגאנץ דינער שטויב, וואס אהן איהם, קאנן פֿון „בלומענקנויט" אויך קיין פֿרוכט ניט ארויסקוממען, ד. ה. דיא בלומעלאך מיט'ם „בלומענקנויט" האבען אלליין אויך קיין קראפֿט ניט ארויסצוגעבען פֿון זיך פֿרוכט אונ זייא בעקוממען דיזע קראפֿט, סיידען אז עס פֿאַללט אויף זייא ארוף דער שטויב פֿון דיא שטויבנעפֿאֶס. דיא בלומעלאך מיט דיא שטויבנעפֿאֶס הייסען „ער'ן" (מאָנליכע), דיא בלומען קנויטען הייסען „זיע'ן" (ווייבליכע). דיא ביענען אונ אנדערע אינזעקטען טראגען אריבער דעם שטויב פֿון דיא מאָנליכע בלומען אויף דיא ווייבליכע.

אזויא וויא אין אויסטראליען זייען קיין ביענען ניט געוועזען, דעריבער האבען

האבען דיא קאלאניסטען ניט בעקוממען קיין זוימען קאָרנער פֿונ'ם קלעווער. וויא נאר זייא האבען זיך ארומגעזעהן, וואס דיא אורזאכֿע איז, האבען זייא געבראכֿט אין אויסטראליען ביענען אונ פֿון דאמאלס אָן האט אנגעפֿאנגען דער קלעווער ארויסצוגעבען קאָרנער. ביענען, הומעלען, וועספען אונ אנדערע אינזעקטען (פֿליעגען) זייען נאָטהיג פֿיר דעם קלעווער, אונ פֿיר אנדערע געוואָכסע. דיא אינזעקטין זוכֿען פֿיר זיך שפייז אינעווענינ אין דיא בלומען אונ דער מיט טהוען זייא אויף אגרויסע זאך; ווען ניט זייא, וואלטען פֿיעל געוואָכסע ניט ארויסגעבען פֿון זיך קיין זוימען קאָרנער, אונ וואלטען אויפֿ-געהערט צוא וואקסען. דיא אינזעקטען ברענגען, אַלזאָ, אגרויסען נוטץ, וואס איז ניט אבצושאטצען, פֿיר פֿעלדער, לאנקעס אונ וועלדער.

אט אזויא געהט דאס אין דער וועלט. דער קלעווער איז נאָטהיג פֿיר דיא ביענען, אונ דיא ביענען זייען נאָטהיג פֿיר דעם קלעווער. איינע אהן דיא אנדערע קאָננען זייא ניט אויסקוממען.

אויף אַ לעדיגען פלאַטץ איז געוואקסען פֿיעל קלעווער. ער איז געוואכסען זעהר גוט: פֿון יאהר צוא יאהר פֿלעגט מען בעקוממען פֿון איהם זעהר פֿיעל זוימען קאָרנער, ביענען אונ הומעלען האבען שטאָנדיג געזשוזשעט אויף דיעזעם פלאטץ אונ זייען געפֿלויגען פֿון איין בלומעלע אויף דעם אנדערען. מיט אַמאָל אבער האבען זיך בעוויזען אויף דיזען לעדיגען פלאטץ פֿעלד-מייז. דיא פֿעלד-מייז האבען פֿערביטטערט דעם לעבען פון דיא ביענען אונ הומעלין. זייא האבען פֿון דיא מייז ניט געהאט וואו אהינצוטהאן זיך. דער הוממעל בויעט זיך אוים אַ נעסט, קוממען צוא געהן דיא מייז, עססען אויף דיא האניג אין דעם נעסט צוברעכֿען זייא. ענדליך זיינען פֿון דארט פֿערפֿאללען געווארען נאר דיא ביענען.

אויף איבער איאהר איז שוין אויף יענעם פלאטץ אזויא פֿיעל קלעווער ניט אויסגעוואכסען. אויף דעם צווייטען יאהר איז אויסגעוואכסען נאך וועניגער אבער אויף דעם דריטען יאהר האט זיך בעדארפֿט מאכֿען, דיא דאָרף קאַטץ זאללען דערשמעקען אז אויפֿ'ם לעדיגען פלאטץ זיינען דא פֿיל מייז, אונ זייא האבען גענומען געהן אהין אויף געיעג. דיא מייז איז געווארען ענג, זייא האבען פֿון דיא קאַטץ ניט געקאנט אויסהאלטען. אפֿילע פֿון זייא זיינען אריינגעפֿאללען צוא דיא קאַטץ אין דיא צאָהנער, דיא איבעריגע זיינען קוים מיט'ם לעבען ענטלאָפֿען. דאמאלס האבען זיך דארט וויטער בעוויזען ביענען אונ האבען זיך אויסגעבויט נייע נעסטען. איין מאל זיינען שוין דארט געוועזען ביענען, האט שוין אנגעפֿאנגען וויעדער גוט וואכסען דער קלעווער. ער האט אנגעפֿאנגען וויעדער ארויסגעבען פֿון זיך אמענגע זוימען קאָרנער אזויא וויא פֿריהער. אזויא זיינען דיא קאַטץ געקומען צוא הילף דעם קלעווער.

———

## וואס האבען מיר זיך דערקונדיגט פון דיעזעם ביכעל?

אין דיעזעם ביכעל האט זיך דערצעהלט פון פערשיידענע בעשעפעניסען וואס לעבען אויף דער וועלט אין פערשיעדענע לענדער, פון טהיערען, פישען, פייגלאך, ווערים, שלאנגען, פליעגען, אינזעקטען, שפיננען, און נאך פיעל אנדערע טהיערען. עס האט זיך דערצעהלט וויא פערשיעדענע טהיערען לעבען און וואס זייא טהוען; וויא טהיערען וואנדערן און געהען אריבער וואהנען פון איין לאנד אין דאס אנדערע, וויא טהיערען שלאפען און רעטען זיך דערמיט דעם לעבען, וויא זייא פערשאפען זיך שפייז, פאנגען אנדערע טהיערען און נעהרען זיך מיט געוועקסע, וויא זייא שיטצען זיך פון פיינדע, פיהרען שטרייט און האלטען קנעכט און שקלאפען, וויא זייא בויען זיך וואהנונגען און אנדערע געביידען, וויא זייא פערזארגען, עס זאלל בלייבען פון זייא אדור, וויא זייא פערשפרייטען זיך איבער דער וועלט און בעזעצטען זיך אומעטאום.

אויף דער וועלט געפינען זיך לעבעדיגע בעשעפעניסען אהן אשיעור. וואו מען זאל ניט אווארף טהאן מיט'ם אויג, פארקעט זיך אומעטאום אלעבעדיגע בעשעפענים: סיי אויף דר'ערד, סיי אין וואססער, סיי אונטערם וואססער, סיי אויף דיא הויכסטע בערג, סיי אין דיא פינסטערע האהלען.

ניט אלע מענשען וויסען, וויפיעל פערשיידענע טהיערען עס לעבען אויף דער וועלט; ניט אללע מענשען ווייסען אויך וואס דיא טהיערען האבען וואס צוא טהאן. זייא האבען אבער זעהר פיעל וואס צוא טהאן, און עס קוממט זייא יעדער זאך אן שווער, וויא דעם מענשען.

אללע טהיערען, וואס זיינען נאר דא אויף דער וועלט, זיינען שטענדיג פערטהאן און פערהארוועט, יעדע לעבעדיגע בעשעפענים מוז וויא געהעריג ציא רעכט מאכען איהרע געשעפטען און בייזשטעהן אללע אומגליקע, וואס טרעפען זיך איהר, יעדע בעשעפענים מוז שטרייטען מיט אלע קרעפטען פיר זיך און פיר איהר לעבען, קיין לעבעדיגע בעשעפעניש לעבט ניט אהן מיהע און אהן זארג. אללע האבען זעהר פיעל וועגען וואס צוא זארגען. מעהר פון אלץ איז דיא דאגה פון פרנסה, דיא דאגה פון וואנען צוא לעבען: הונגער איז ניט קיין גוטער ברודער. פאר הונגער שרעקט זיך יעדעס טהיער וויא פאר דעם געפעהרליכסטען פיינד. פון יאהר צוא יאהר שטארבען אויס פון הונגער טהיערען אן אצאהל. שפרינגער, בופעל-אקסען און פיעל אנדערע טהיערען לויפען פון הונגער וואוהין דיא אויגען טראגען זייא. פון הונגער ווארפען זיך וועווערקעס אין וואסער, וועלף לויפען אריין אין דערפער, טיגערן און לייבען שרעקען זיך ניט פאר קיין פייער און פאר קיין ביקס. דער הונגער טרייבט פערנאנדער דיא טהיערען איבער דער וועלט. פון הונגער פליעהען אויף ווינטער

אוועק אין דיא ווארעמע לאַנדער אפילו אזעלכע פייגלען, וואס האבען קיין מורא ניט פאר קאָלט. מיט'ם התגער שטרייטען אללע לעבעדיגע בעשאַפֿניסען, יעדער נאך זיינע קראַפֿטען אונ נאך זיין פֿערשטאנד. אללע שטרייטען מיט אייגענע קראַפֿטען אונ האָפֿען ניט אויף קיין פֿרעמדע הילף. אייניגע טהיערען פֿערשאפֿען זיך שפייז מיט געוואלט, אנדערע מיט חיטראסט אונ ווידער אנדערע העלפֿען זיך אום מיט'ם פֿערשטאנד. אין דיזעם ביכעל דערצאָהלט זיך וויא פיעל קראַפֿטען, פֿערשטאנד אונ איינפֿאללינגקייט, וויא פיעל געדולד, קונצים עס האבען פֿערשיעדענע טהיערען. פֿערשיעדענע טהיערען פֿערשאַפֿען זיך שפייז אויף פֿיעלערליי אַרטען, דורך פֿערשיעדענע מיטטעלען, ווער עס ארבייט מיט דיא צאָהנער, ווער מיט דיא נאָגעל, ווער מיט דיא האָרנער ווער מיט דיא פֿליעגלען אונ מיט דיא פֿלוס פֿעדערען: וויא איינער איז געשאַפֿען, אזויא ארבייט ער. — אום זיך צוא פֿערשאפֿען שפייז קריעכען פֿיש ארויס אויף'ן ברעג אונ יאגען זיך נאך רויב אויף דער יבשה, פֿייגלען אונ טהיערען טויכען זיך אונטער'ם וואססער האַכּען פֿיש אונ דער וואללפֿיש שווימט אב צעהנדליגע טויזענד ווארסט. קורץ גיזאגט, טהיערען מוזען צוליעב דעם עססען אזויא פֿיעל האָרעווען, אז עס איז זיך גאר שווער פֿאָרצושטעלען. טהיערען לעבען אומעטאום אונ אומעטאום ארבייטען זייא.

אייניגע טהיערען עסען נאר פֿלייש; זייא פֿאנגען אנדערע טהיערען, קלענערע אדער שוואכערע פֿון זיך, אונ פֿרעססען זייא אויף, אבער פֿיעל מעהר טהיערען שפייזען זיך מיט געוואקסע, ווער מיט ווארצלען אונ ווער מיט קאָרנער אונ פֿרוכט, אונ אנדערע עססען אלץ וואס עס מאכט זיך זייא, אזויא וויא דיא היישעריקען. עס איז דא טהיערען וואס ניט זייא זאָען, ניט זייא שניידען, אונ עס איז דא אזעלכע וואס שניידען אונ נעהמען אריין אין שפייכלער כדי צוהאבען אויף שפּאָטער.

אויסער דיא זאָרג פֿון לעבענס מיטטעל, פֿון היונה, האבען דיא טהיערען אויף זיך נאך אַ גרויסע זאָרג — וויא זיך צוא שיטצען געגען קאָלט אונ געגען שלעכטען וועטטער. אין דיזעם ביכעל איז געשריבען וואס פיר עצות דיא טהיערען גיעבען זיך אין דיזעם פֿאַלל. אייניגע קלייבען זיך איבער אויף דיא קאַלטע צייט אין דיא ווארימע לאַנדער, אונ מאכען צוליעב דעם גאנץ ווייטע נסיעות. אנדערע פֿערקריעכען ערגעניץ אין אין אַ נאָרע אדער אין אַווינקעלע אונ דארט פֿאללען זייא אין חלשות (אהנמאכט) אונ ליעגען אזויא אב וויא געשטארבענע ביז עס ווערד ווידער וואַרם. עס איז אויך דא אזעלכע וואס געהן אין וואַרמע פעלצען אונ זייען שוין צוא דיא קאָלט אזויא געוואהנט, אז עס קיממערט זייא גאר ניט. ווידער איז דא טהיערען וואס פֿערזארגען זיך אויף ווינטער מיט וואַרמע קווארטירען, וואו זייא גרייטען זיך אָן געגוג שפייז. ניט איין וואַרט, געגען קאָלט שטרייטען דיא טהיערען אויך מיט

אייגענע

איינינע קראַפּטען אינ בעטען בייא קיינעם ניט קיין הילפע. דיא נויטה האט געוויעזען דיא פייגלאך אַ וועג אין דיא ווארימע לאַנדער, דיא נויטה האט אויסגעלעהרנט דעם דאַכס הונד (באַרסוק) זיך צוגראבען אווארימע נארע אויף ווינטער.

אין דיא הייסע לאַנדער, ווידער, האבען דיא טהיערען אָפּט צוא זאָרגען וויא זיך צוא שיטצען געגען היטץ אונ געגען דורסט. אונ דא העלפען זייא זיך אויך אויס אלליין אונ דארפען צו קיינעם ניט אָנקוממען. אַ דריטע זארג האבען טהיערען וויא זיך צוא זיכערן אונ צוא שיטצען געגען זייערע פיינד. ווארום יעדעם טהיער, האט אויף זיך גענוג פיינד וואס ווילען איהם שלעכטס טהון. איינינע ווילען בייא איהם ארויסרייסען דעם ביסען פון מויל, אנדערע ווילען איהם אלליין אויפעסען. יעדע לעבעדיגע בעשאַפעניס מוז זיך בעשיטצען געגען אללע פיינד. דאס קוממט ניט לייכט אָן. איינינע בעשאַפעניסען העלפען זיך אויס פון דיא פיינד מיט זייערע שטארקהייט, שטעלען אויס קראַפט געגען קראַפט. אנדערע רעטטען זיך איוף איין אנדער אַרט. דעם זייען בעהילפיג זיינע שאַרפזיכטיגע אויגען, יענעם זיינע געשווינד לויפענדע פיס, זיין קונטציגע נארע וואו ער בעהאַלט זיך, אבער וואס אנדערס.

ניט אזויא טהיערען פון פערשייעדענע אַרטען אדער פאַראַדעס שטרייטען צווישען זיך, אבער אפילו טהיערען פון דיזעלבע פאַראַדע (קאַטץ מיט קאַטץ, וואָלף מיט וואָלף אונ ד. ג.) פיהרען אויך צווישען זיך אייביגע שטרייטען. יעדעם טהיער וויל זיך פערזארגען מיט שפייז, אבער אויף זיין ביססען האבען אנדערע אויך חשק, ווארום ניט אַללע מאָל איז דא אזויא פיעל שפייז עס זאל אויסקוממען גענוג פיר אַלעמען. דערײבער מוזען אללע טהיערען, אבוואהל פון דער זעלבען פאַראַדע, צאַנקען צווישען זיך. אללע טהיערען קליגען זיך מיט אַללע קראַפטען צוא בעקוממען שפייז וואס מעהר אונ וואס בעסער, נאטירליך קוממט דער בעסטער ביסען אָן צוא דעם, וואס איז שטאַרקער, קליגער אונ פלינקער, צוא דעם וואס האט צום ביישפיעל בעסערע אויגען, וואס קאַנן בעסער לויפען חיא אללע אונ ד. ג.

ענדליך ליעגט אויף טהיערען נאך אגרויסע זאָרג, דיא זאָרג צוא לאזען נאך זיך אַדור. אלע לעבעדיגע בעשאַפענישען מעהרען זיך אונ פערשפרייטען זיך אין דער וועלט; אללע זארגען ווענען דיא האם וועלען פון זייא ארויס־קוממען. דיא פליעג וויים וואו צוא לייגען איהרע אייעליך אונ זיא לעגט זייא אין אזעלכע אָרטער, וואו איהרע קינדער וועלען גלייך האבען פארטיגע שפייז דער פיש קאַנן שווימען הונדערטע אונ טויזענטע וויארסט אָן אַ זייט, אום נאר ארויסצולאזען דיא רויגען אין אזעלכע אָרטער וואו עס וועט זיכער פון זייא ארויסקוממען קליינע פישעלאך. אַפוללע פון זייא וועלען פערלאָרען געהן, אבער אפוללע וועלען בלייבען לעבען.

פייגלען, חיות אונ פיעל אנדערע בעשעפענישען זארגען נאך מעהר פאר זייערע קינדער: זייא לאזען זייא ניט אפּ פון זיך ביז זייא וואקסען ניט אונטער. זייא גראבען, קלעפּען, וועבען, נייען, פלעכטען אונ בויען נעסטען פון זייערע קינדערס וועגען, זייא טראגען אן אהון שפייז, לעהרנען זייערע קינדער פליען, לויפען, אונ אלליין זיך צוא שאפען שפייז. אזויא שטיטצען דיא עלטערען איהרע קינדער אונ זארגען פיר זייא ביז וואנען זייא זייען אים שטאנד אלליין פיר זיך צוא זארגען.

אזעלכע גרויסע זארג טראגען אויף זיך אללע טהיערען. אנדערע טהיערען העלפען זיך אוים איינציגוויים, יעדעס טהיער טהועט זיך וואס זיא קאנן איינער אלליין, אויף איהר אייגענע רעכענונג. עס איז אבער דא קליגערע טהיערען וואס ארבייטען אין אלגעמיין, בשותפות, וואס העלפען זיך אוים איינע דיא אנדערע. צום ביישפיעל, מוראשקעס אונ ביענען ארבייטען אין קאמפאניע, בשותפות, וואלף געהן אויף געיעג אונ פאללען אן עמליכע צוזאמען.

כמעט אלע לעבעדיגע בעשעפענישען לעבען פון אייגענער מיהע, זייא פערשאפען זיך אלליין וואס זייא האבען נאטהיג, אונ ארבייטען פיר זיך אליין. עס איז אבער צווישען טהיערען אויך דא אזעלכע, וואס ווארפען ארויף זייערע ארבייט אויף אנדערע. מוראשקעס, צום ביישפיעל, לעגען ארויף זייערע ארבייט אויף גראז-לייז אונ וואנצען, וואס מוזען הארעווען אויף זייא וויא קנעכט. דער פישער-אדלער הארעוועט אונ האפט פיש פיר דעם וויסקאפיגען אדלער. דער דאכס-הונד (בארסוק) גראבט אפט א נארע פיר דעם פוכס, דיא פעטגאנז (אזא פייגעל) נעהמט אפט צוא פיר זיך דעם קראליקס נארע, מיט איינעם ווארט, צווישען טהיערען, לעבען אויך ניט אללע פון אייגענער ארבייט אונ פון כשר פערדיענטע.

אט אזויא לעבען דיא טהיערען פון אייביג אן. אלע זיינען בייא זייא בעשעפטיגט, אלע טהוען וואס עס איז, בעמיהען זיך אונ געהן קיין מאל ניט לעדיג. ניט אללע מאל אויך קריעגען זייא זיך אונ שטרייטען צווישען זיך. אמאל העלפען זייא איינע דיא אנדערע אונ שטיטצען איינע דיא אנדערע אזויא וויא דיא ביענען אונ מוראשקעס.

ניט אללע מאל האבען טהיערען צוא טהאן מיט פיינד; טהיערען האבען פריינדע אויך. מיט אנדערע טהיערען שטרייטען זייא, אבער מיט אנדערע לעבען זייא אים פריעדען אונ זייען גוט פריינד. מיט איינעם ווארט, עס איז כדאי זיך צוקוקען צוא דעם לעבען פון טהיערען: פיעל זאכען פאססירט בייא זייא פונקט וויא בייא מענשען.

מעהר פון אלץ איז צוא בעוואונדערן, וויא בייא דיא טהירען געהט דיא ראדעלע פון לעבען, וויא עס קייטעלט זיך בייא זייא אלצדינג איינס אן דאם אנדערע. יעדעס לעבעדיגע בעשאפעניש וויל לעבען אונ וואס בעסער לעבען.

עס

עס גיעט זיך אַיין אַ יאָהר וואָס פיר איין פּאָראָדע טהיערען איז דאָ אויף דעם אָרט בעססער צוא לעבען אונ פיר אַנדערע פּאָראדעס איז בעססער אויף איין אנדער אָרט. דא וואו עס בעווייזט זיך איין פּאָראָדע, ווערד ענג פיר דיא אַנדערע, זיא מוז פון דאָרט ענטלויפען אָדער זיא שטאַרבט אוים, אַז איינגע טהיערען פערמעהרען זיך, ווערען אַנדערע טהיערען וועניגער. עס טרעפט פערקעהרט אויך: דיא קאַטץ, צום ביישפּיעל, העלפען אוים דיא הוממעל אונ דיא הוממעל ביענען זיינען בעהילפיג דעם קליעוועד. דיא נאַטור האָט אַפּולע וועגען וויא צוא פערמעהרען אונ פערשפּרייטען אַללערליי טהירען איבער דער גאַנצען וועלט.

אָט אַזויא פיהרען זיך אויף אין לעבען דיא טהיערען. אין וועלכע זאַכען זייען זייא גלייך צוא מענשען, אינ אין וועלכע זאַכען זיינען, פערקעהרט, מיר מענשען ניט בעססער פון זייא, — דאָס מאָג בעטראַכטען יעדער וואָס האָט דורכגעלעזען דיזעס ביכעל.

# ע נ ד ע



# אינהאלט.

## ערשטעס קאפיטעל.



## צווייטעס קאפיטעל.

## דריטטעס קאפיטעל.

### ווייניגען פערשיעדענע בעשעפטיגונג פון דיא טהיערען.



## פיערטעס קאפיטעל.

### וויא טהיערען בויען וואהנונגען און זארגען פיר זייערע קינדער.



## פינפטעס קאפיטעל.

### וויא טהיערען רייזען.